מ. בערעגאָווסקי

# ייִדישע קלעזמער, זייער שאפנ אונ שטייגער

געווידמעט דעם אָנדענק פונ שאָלעמ-אליינעמענ, דעם גענ:אלנ שטייגער-שילדערער אונ גרויסנ אנטדעקער פונ פאָלקס-טאלאנטנ; ער האָט פארשטאנענ זייער קראפט אונ געגלייבט אינ זייער אויפבלי.

עס זײַנענ פאראנ עטלעכע געביטנ פונ דעם ייִדישנ פאָלקלאָר, צו וועלכע דער זאמלער אונ פאָרשער האָבנ זיכ נאָכ ביז איצט קימאט ווי ניט צוגערירט. איינער פונ זיי — דאָס איז די ייִדישע אינסטרומענטאלע (קלעזמערישע) מוזיק.

פונ די הונדערטער אונ עפשער טויזנטער מוזיקאלישע שטיק, וואָס די ייִדישע קלעזמער האָבנ געשאפנ אונ געשפּילט אינ מעשעכ פונ א סאכ יאָרהונדערטער, זײַנענ ביז איצט פארעפנטלעכט בלויז געציילטע אייניציקע נומערנ. אויכ מיט די קלעזמער גופע, די שעפער אונ טרעגער פונ דער ייִדישער אינסטרומענטאלער מוזיק, האָט זיכ די פאָרשונג זייער ווייניק באשעפטיקט.

ניט נאָר וועגנ דעם דורכשניטלעכנ, מאסעוונ קלעזמער, נאָר אויכ וועגנ די באגאבטערע, וועגנ די רײַכ-טאלענטירטע פאָלקס-קינסטלער, וואָס די קלעזמער-מאסע האָט זיי פונ זיכ ארויסגערוקט א גאנצ גרויסע צאָל, — אויכ וועגנ זיי זײַנענ ניט פאראנ קיינע פובליקירטע יעדיִעס.

אפילע די אויבנאויפיקע באקאנטשאפט מיט די קלעזמער אונ מיט דער קלעזמערישער מוזיק איבערצײַגט אונדז, אז מיט דעם דאָזיקנ געביט איז זייער קעדײַ אונ וויכטיק זיכ צו פארנעמענ. דער מוזיק-פאָרשער אונ דער מוזיק-היסטאָריקער האָבנ א סאכ וואָס צו טאָנ ארומ דער דאָזיקער עמעסדיקער פאָלקס-קונסט. א סאכ פראָבלעמענ, וויכטיקע פאר דער געשיכטע פונ דער ייִדישער מוזיק ביכלאל, קאָנענ דאָ געשטעלט אונ באארבעט ווערנ.

שוינ א לענגערע צײַט, אז מיר האָבנ אָנגעהויבנ זאמלענ מאטעריאלנ פונ דעמ דאָזיקנ געביט: קלעזמערישע ווערק, פארשיידענע יעדיִעס, דאָקומענטנ, פאָטאָגראפיעס אדג. וועגנ קלעזמער אונ קלעזמערישער מוזיק.

בא הײַנטיקנ טאָג פארמאָגט די פאָלקלאָר-סעקציע פונעמ קאבינעט פאר ייִדישער ליטעראטור, שפּראכ אונ פאָלקלאָר בא דער וויסנשאפט-אקאדעמיע פונ אוססר בא 700 קלעזמערישע ווערק (קאָנצערטנ, מארשלעכ, דאָברידיענס, דאָבריגאָטשס, טענצ אדג.), ס'ראָוו פארשריבנ פונ קלעזמער פונ אוקראַינע. מיר האָבנ אויכ צונויפגעזאמלט א היבשע צאָל יעדיִעס וועגנ באזונדערע קלעזמער אונ קלעזמער-קאפעלעס [1].

---

[1] פארגל. מ. בערעגאָווסקי — ייִדישע אינסטרומענטאלע פאָלקס-מוזיק. פארלאג פונ דער וויסנשאפט-אקאדעמיע פונ אוססר, קיִעוו, 1937 יאָר.

די ארבעט, וואָס מיר דרוקנ דאָ, איז אנ ערשטער פּרווו צו געבנ א שטיקל סאַכאקל פונ אונדזערע אויספאָרשונגענ און טאקע אויכ דער ערשטער פּרווו צו כאראקטעריזירנ די ייִדישע פאָלקס-מוזיק.

## 1. קלעזמערישע מוזיק — אלס פאָלקסטימלעכע שאפונג

אומעטומ, ווו ייִדנ האָבנ געלעבט אינ קאָמפּאקטע מאסנ, אומעטומ טרעפנ מיר דעמ קלעזמער, אָדער ריכטיקער — די קלעזמער-קאפעלע[1]. אָט די קלעזמער האָבנ געשאפנ א קאָלאָסאלנ רעפּערטואר פונ פארשיידענע טאנצ- און קאָנצערט-שטיק, וואָס איז געוואָרנ זייער א וויכטיקער און באדייטנדיקער טייל פונ דער מוזיק-קולטור פונ דעמ ייִדישנ פאָלק.

די דאָזיקע זייער ריכע אינ צאָל קלעזמערישע מוזיק איז, פּונקט ווי די פאָלקס-ליד, א טייל פונ דער ייִדישער פאָלקלאָר-שאפונג. דער גאנצער כאראקטער פונ דער קלעזמערישער מוזיק, די מעלאָדיק, די ספּעציפישע שטריכנ פונ דעמ מוזיקאלישנ ווערק אינגאנצנ גענומענ זיינענ אייגנע און די זעלבע סיי אינ דער וואָקאלער ייִדישער פאָלקס-מוזיק, אינ די פאָלקס-לידער, און דערהויפּט אינ די ניגונימ אָנ ווערטער און וואָקאלע טענצ, סיי אינ דער אינסטרומענטאלער, קלעזמערישער מוזיק. צווישנ די ביידע מינימ ייִדישע פאָלקס-מוזיק איז פאראנ זייער אנ ענגער צוזאמענבונד; אָפּטמאָל אנטלייט די פאָלקס-ליד א מעלאָדיע בא די קלעזמער, און אָפּטמאָל פארקערט.

און דאָכ זיינענ דאָס צוויי פארשיידענע צווייגנ פונ דער מוזיקאלישער פאָלקס-קולטור פונ די ייִדישע מאסנ. שוינ די אויסדרוק-מעגלעכקייטנ פונ דעמ פאָלקלאָר-זינגער און דעמ קלעזמער זיינענ גאנצ פארשיידענע. די קאפעלע מיט אירע — עמעס, ניט זייער ריכע — אינסטרומענטנ האָט געהאט גרעסערע מעגלעכקייטנ, ווי דער זינגער מיט זיינ שטימ. היינט טאָר מענ ניט פארגעסנ אזא וויכטיקנ פאקטאָר: קלעזמעריי איז אינ מעשעכ פונ א סאכ יאָרהונדערטער געווענ בא ייִדנ א באשטענדיקע פּראָפעסיע[2]. ביז דער צווייטער העלפט XIX יה. זיינענ די קלעזמער אפילע געווענ אָרגאניזירט אינ געשלאָסענע צעכנ מיט אלע ספּעציפישע שטריכנ פונ א צעכ — כאזאָקע אדג. בא די קלעזמער האָט זיכ געשאפנ אנ אייגענער ספּעציפישער שטייגער, אפילע מיט אנ אייגענער קלעזמער-„שפּראכ". ס'איז קלאָר, אז אָט די קלעזמערישע סוויווע, ווו די פּראָפעסיע איז אריבערגעגאנגענ פונ פאָטער צומ זונ

[1] א סאכ קלעזמער פונ אוקראינע רופנ אָנ זייער אָרקעסטער „קאָמפּאניע". אזוי, אשטייגער, פלעגט מענ זאָגנ — די מאקאראָווער, באבנער, ראדאָמישלער אאוו. קאָמפּאניעס, ניט זעלטנ פלעגט מענ זאָגנ אויכ „קאפעלע-קלעזמער". שאָלעמ-אליינעמ באנוצט אמאָפטסטנ „קאפעלע", זעלטענער — „קאָמפּאניע". אינ דער סקיצע „דער פארשטערטער האָנ" („ייִדישע פאָלקס-ביבליאָטעק". ארויסגעגעבנ פונ שאָלעמ-אליינעמ, ערשטער בוכ, קיעוו 1888) שרייבט שאצקעס: „א באנדע קלעזמער". איכ באנוצ דאָ סיי „קאפעלע" סיי „קאָמפּאניע".

[2] די פארשיידענע קוועלנ ווייזנ אָנ, אז שוינ אינ טיפנ מיטלאלטער איז קלעזמעריי געווענ א שטאנדהאפטיקע פּראָפעסיע בא ייִדנ סיי אינ מיזרעכ סיי אינ מייִרעוו.

אונ צום אייניקל, האָט געשאפנ שוינ אירע אייגענע ספעציפיש-קלעזמערישע מוזיקאלישע טראדיציעס אונ קאנאָנענ.

אינ דער קלעזמערישער מוזיק האָבנ מיר דעם ענגסטנ צוזאמענגעוועב פונ פערזענלעכער מײַסטערשאפט מיט דער פאָלקס-טראדיציע. אונ דאָכ: אינ די הונדערטער פריילעכס, שערנ, זשאָקנ, גאס-ניגונים [1] אונ אנדערע ווערק פונעם קלעזמערישנ רעפערטואר טרעפנ מיר קימאט ניט קיינ דורכויס אינדיווידואליזירטע אויסדרוק-מיטלענ. דאָס נײַע, דאָס פערזענלעכע פונ יעדנ נײַעם שעפער ווערט דאָ איבערגעפלאָכטנ אונ אָרגאניש ארײַנגעגאָסנ, ס'ווערט ווי אײַנגעוואקסנ אינ די קאנאָניזירטע אויסדרוק-מיטלענ, וואָס ליגנ אינעם זיקאָרנ, אינעם געהער פונ די צוהערער, צו וועלכע דער פאָלקס-קינסטלער ווענדט זיכ מיט זײַנ קונסט.

עמעס, זינט דער צווייטער העלפט XIX יה. מיילט זיכ אויס אינדיווידועל, פערזענלעכ א באדײַטנדיקע גרופע ייִדישע טאלאנטפולע קלעזמער, וואָס זײַנענ פאָפולער געווענ ניט בלויז אינ די שטעט אָדער געגנטנ, ווו זיי האָבנ געוויינלעכ געשפילט. פונ אזעלכע קלעזמער, ווי אשטייגער, סטעמפעניו, פעדאָצור אא. האָט מענ געוווּסט אינ גאנצ אוקראינע אונ אפילע אויסער די גרענעצנ פונ אוקראינע. ארום סטעמפעניונ האָבנ זיכ געשאפנ א סאכ לעגענדעס, אונ זײַנ נאָמענ איז אינ פאָלק געוואָרנ דער סינאָנים פונ א טאלאנטפולנ מוזיקער. דאָס האָט זיכ אָפגעשפיגלט אויכ אינ אונדזער קלאסישער ליטעראטור — בײַ מענדעלע מויכער-ספאָרים, בײַ שאָלעמ-אלייכעמענ אא. די דאָזיקע אלע פאָפולערע קלעזמער זײַנענ געווענ ניט נאָר גוטע אויספירער, נאָר אויכ באוווּסטזיניקע שעפער פונ א סאכ נײַע ווערק. ס'וואָלט געווענ זייער אינטערעסאנט אויפצודעקנ די אינדיווידועלע אופטוערישקײַט פונ אזעלכע גרויסע פאָלקס-קינסטלער, ווי פעדאָצור, וואָס מיט זײַנ נאָמענ איז פארבונדנ נאָר א היפשע צאָל ווערק, זייער פאָפולערע אינ דער ייִדישער סוויווע. די ארבעט וואַרט נאָכ אָפ איר פאָרשער. דערווײַל אָבער איז גענוג שווער קאָנקרעט אויסצוטיילנ אונ אָנצווײַזנ אָפ די פ ע ר ז ע נ ל ע כ ע אופטוענ פונ יעדנ פונ די דאָזיקע קינסטלער באזונדער.

וואָס איז שײַכ קלענערע ווערק (פריילעכסנ, סקאָטשנעס אדג.), איז דאָ קימאט ווי ניט מעגלעכ לויט געוויסע סטיליסטישע סימאָנים פעסטצושטעלנ דעם אווטאָר. געוויינלעכ פלעגנ קלעזמער אזעלכע זאכנ איבערנעמענ אונ שפילנ אלעמאָל לויטנ געהער. אָפ נאָטנ פלעגנ קלעזמער אזעלכע ווערק פארשרײַבנ בלויז פאר זייערע טאלמידים, מײַנסטנס מוזיק-ליבהאָבער [2]. מיר האָבנ א סאכ ידיעות, אז קלענערע קלעזמער-קאפעלעס פונ קליינע שטעטלעכ פלעגנ זייער אָפט אויסשרײַבנ נאָטנ (אלעמאָל האנט-געשריבענע) פונ קלעזמער פונ גרעסערע שטעט. דאָ זײַנענ זיכער געווענ

---

[1] „גאס-ניגנ“ פלעגנ די קלעזמער אָנרופנ די מוזיקאלישע שטיק, וואָס מע פלעגט שפילנ אינ גאס, באגלייטנדיק די מעכותאָנים.

[2] ס'איז קעדײַ צו פארצייכענענ, אז פונ די צענדליקער קלעזמער פראָפעסיאָנאלנ, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומענ זיכ צו באגעגענענ, זאמלענדיק מאטעריאלנ וועגנ קלעזמער אונ קלעזמערישער מוזיק, האָב איכ בײַ קיינעם ניט געטראָפנ קיינ קלענערע ווערק פארשריבנ אָפ נאָטנ. בײַ אייניקע ליבהאָבער מוזיקער האָב איכ קימאט אלעמאָל געטראָפנ א גאנצ היפשנ רעפערטואר, פארשריבנ מײַנסטנס אינ העפטנ, — פריילעכס אונ אנדערע טענצ.

אויכ נײַע פריילעכסנ, סקאָטשנעס, שערנ, זשאָקלעכ אונ אַנדערע קלענערע ווערק, וואָס פלעגנ אויפקומענ. אַזעלכע ווערק פלעגט מענ, פאַרשטייט זיכ, לעבאַטכילע אויסלערנענ פונ נאָטנ. אָבער ווי נאָר זיי זײַנענ געווענ אויסגעלערנט אונ אָנגעייגנט, פלעגנ די דאָזיקע פריילעכסנ, סקאָטשנעס אאַז. „באַוואַקסנ" ווערנ מיט אייגנס, מיט באַליבטע ביינדלעכ אונ דריידלעכ.

מיט דעמ קאָנענ מיר דערקלערנ דאָס, וואָס גאָר=גאָר זעלטנ פאַלנ צונויפ די וואַריאַנטנ פונ איינע אונ די זעלבע ווערק, פאַרשריבנ פונ פאַרשיידענע קלעזמער. אַלס קלאַל קאָנ מענ זאָגנ, אַז וויפל קלעזמער עס זאָלנ ניט פאַרשרײַבנ, אָדער פונ וויפל קלעזמער מיר זאָלנ ניט פאַרשרײַבנ לויט זייער אויספירונג איינ אונ דאָס זעלבע ווערק, אַזויפיל פאַרשיידענע וואַריאַנטנ וועלנ מיר באַקומענ. דאָס איז שײַעכ ניט נאָר צו קלענערע ווערק, נאָר אויכ צו גרעסערע, צו סאָלאָ=ווערק פאַר פידל, וואָס פלעגנ געשפּילט ווערנ צומ טיש, צו קאַלע=באַזעצנ אאַז.[1]

די פּאָפּולערסטע ווערק, וואָס די בעסטע קלעזמער פלעגנ שפּילנ צומ טיש אַפ ייִדישע באַסענעס אינ אוקראַינע, זײַנענ אינעמ לעצטנ פערטל פונעמ XIX יה. געווענ פעדאָצורס (די ליולי — א ווינליד —, אַהאַוואַ ראַבאָ אאַ.). ביז איצט האָט זיכ מיר ניט אײַנגעגעבנ צו זענ אַזאַ עקזעמפּליאַר פונ די דאָזיקע ווערק, וואָס זאָל זײַנ פאַרשריבנ דורכ פעדאָצורנ אַליינ. פונ פאַרשיידענע קלעזמער האָב איכ באַקומענ צו עטלעכע וואַריאַנטנ פונ איינציקע ווערק פעדאָצורס. די דאָזיקע אַלע וואַריאַנטנ האָבנ בלויז איינ שוטפעדיקע זאַכ: דעמ אַלגעמײנעמ פּלאַנ: אינטראָדוקציע, די טעמע, וואַריאַציעס אַפ דער טעמע אונ קאָדע. די אויספירונג פונעמ פּלאַנ איז מער אָדער ווייניקער פאַרשיידנ אינ אַלע וואַריאַנטנ. אונ, דעריקער — וואָס מיר האָבנ ביז איצט ניט באַקומענ קיינ איינ פּאָר וואַריאַנטנ, וואָס זאָלנ זײַנ אַבסאָליוט אידענטיש. דערבײַ דאַרפ מענ באַצייכענענ, אַז די אַלע וואַריאַנטנ, וואָס מיר האָבנ געקראָגנ, באַציִענ זיכ צומ אָנהייב XIX יה. אונ טיילווײַז צו די 80—90=קער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט[2], דה. אַז זיי זײַנענ געשפּילט געוואָרנ אינ אַזאַ פאָרמ, נאָכ בײַמ פעדאָצור האָט געלעבט.

פונ דעמ זעענ מיר, אַז כאָטש מיר זײַנענ אימשטאַנד פּינקטלעכ פעסטצושטעלנ דעמ אַוטאָר פונ באַזונדערע קלעזמערישע ווערק (וואָס מיר קאָנענ געוויינלעכ ניט זאָגנ וועגנ דער עלטערער פאָלקס=ליד, האַגאַמ אינעמ סאָוועטישנ לידער=פאָלקלאָר קאָנענ מיר שוינ אָפט פעסטשטעלנ אויכ דעמ אַוטאָר פונ דער ליד) אונ האַגאַמ זיי זײַנענ געווענ פאַרשפּרייט אַלס ווערק פונ א באַשטימטנ אַוטאָר, דאָכ זײַנענ זיי אינ פּראָצעס פונ אויספירנ אַלעמאָל איבערגעאַרבעט געוואָרנ דורכ די

---

[1] געוויינלעכ פלעגט סאָלאָ שפּילנ בלויז פידל. אַקאָמפּאַנירנ פלעגט דער באַס אונ די סעקונדע (זעלטענער אַלט). דער סאָליסט פלעגט אָפטער פונ אַלע אויסלערנענ זײַנע סאָלאָ=שטיק פונ נאָטנ (אויב ניט ער אַליינ האָט זיי געשאַפנ). דער אַקאָמפּאַנימענט איז אַלעמאָל געפירט געוואָרנ לויטנ געהער. צומ סאָפ XIX אונ אָנהייב XX יה. פלעגנ אַמאָל, אויסער פידל, שפּילנ סאָלאָ צומ טיש אויכ קלאַרנעט אָדער פליוט.

[2] קימאַט אַלע אונדזערע וואַריאַנטנ האָבנ מיר איבערגעשריבנ פונ אַלטע קלעזמערישע נאָטנ, וואָס האָבנ זיכ אײַנגעהיט בײַ פעדאָצורס שילער.

אויספירער, ד״ה. זיי האָבנ דורכגעמאַכט דעמ וועג פונ טיפּישע פאָלקלאָר־ווערק, ווי דער באַנאַנטער אויספירער איז אַלעמאָל אויכ דער מיטשעפער פונעמ ווערק [1].

מיר קאָנענ זאָגנ, אַז דעמ גאַנצנ קלעזמערישנ רעפּערטואַר דאַרפנ מיר באַטראַכטנ ווי פאָלקלאָר־מאַטעריאַלנ, ווײַל סײַ דער שעפער און סײַ דער אויספירער, דער מיטשעפער, האָבנ באַהערשט, האָבנ אײַנגעזאַפּט אינ זיכ דעמ גאַנצנ מוזיקאַלישנ פאָלקס־אוצער, זיי זײַנענ אינ דער פאָלקס־מאַסע אויסגעוואַקסנ און האָבנ פאָרגעזעצט אינ זייער שאַפונג די פאָלקס־טראַדיציע.

ס׳איז קעדײַ דאָ אונטערצושטרײַכנ נאָכ איינעמ זייער א וויכטיקנ מאָמענט, וואָס איז טיפּיש פאַר דעמ קלעזמערישנ רעפּערטואַר, ווי פאַר דעמ פאָלקלאָר בײַכלאַל. בײַ דער גאַנצער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקײַט פונ דער פאָלקס־קונסט איז איר דאָכ אַלעמאָל פרעמד די נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקײַט. דאָס פאָלק נעמט אַלעמאָל גערנ אופ נײַע קינסטלעריש־נאָענטע מוזיקאַלישע ווערק, אפילע ווענ זיי פאַרמאָגנ ניט קיינ ספּעציפישע פאַר דעמ געגעבענעמ פאָלק נאַציאָנאַלע שטריכנ. גאַנצ אָפט ווערנ מוזיקאַלישע ווערק באַליבט דאַפקע דערפאַר, וואָס זיי ברענגענ מיט זיכ נײַע אויסדרוק־מיטלענ, וואָס זײַנענ ספּעציפיש פאַר דער פאָלקס־מוזיק פונ אַ נ אַ נ ד ע ר פ אָ ל ק. אינ מײַנ אַרבעט „קעגנזײַטיקע ווירקונגענ אינעמ יידישנ און אוקראַינישנ מוזיק־פאָלקלאָר“ [2] האָב איכ געבראַכט א גאַנצע ריי פאַראַלעלנ פונעמ יידישנ און אוקראַינישנ מוזיק־פאָלקלאָר. דאָס איבעראַשנדיקע אינ די דאָזיקע מאַטעריאַלנ איז דאָס, וואָס ניט געקוקט אַפ דער נאָענטקײַט פונ די יידישע לידער צו די אוקראַינישע פאַראַלעלנ, זײַנענ די יידישע לידער אַנ און פאַר זיכ גענומענ גענוג טיפּיש פאַרנ יידישנ מוזיק־פאָלקלאָר, און די אוקראַינישע — פאַרנ אוקראַינישנ. אויב מיר האָבנ דאָרטנ אַנטלײַונגענ, ליגנ זיי ניט אַפ דער אויבערפלאַכ. דער יידישער זינגער זינגט אַזא אַנטלײַענע מעלאָדיע ווי א יידישע מעלאָדיע, און ס׳פאַלט אימ נאָר ניט אײַנ, אַז עפּעס ענלעכס איז פאַראַנ אינעמ אוקראַינישנ (אָדער אַנדערנ) מוזיק־פאָלקלאָר [3].

די יידישע אינסטרומענטאַלע מוזיק איז קימאַט אויסשליסלעכ געשפּילט געוואָרנ אַפ כאַסענעס. דער רעפּערטואַר איז אינ גרונט באַשטאַנענ פונ צוויי הויפּט־טיילנ:

---

[1] עס איז אפילע גרינג צו דערלאָזנ, אַז אויכ פעדאָצור אַליינ האָט זײַנע ווערק ניט אַלעמאָל געשפּילט אַליינס, ער אַליינ האָט געקאָנט אָפּטמאָל אַרײַנטראָגנ ענדערונגענ.

[2] געדרוקט אינעמ אוקראַינישנ זשורנאַל: Радяньська музика № 5, קיִעוו, 1936.

[3] מע דאַרפ דאָ אונטערשטרײַכנ אַזא מאָמענט. אינ דער נאָטנ־שריפט האָבנ מיר ניט קיינ מעגלעכקײַט צו באַצייכענענ די געזאַנג־מ אַ נ י ר, וואָס איז, ווי באַוווּסט, ניט ענלעכ בײַ די פאָלקס־זינגער פונ פאַרשיידענע פעלקער. אפילע יענע יידישע און אוקראַינישע, אַשטייגער, פאָלקלאָר־ווערק, וואָס אינ די נאָטנ זעענ זיי אויס זייער ענלעכ, קלינגענ אינ דער ווירקלעכקײַט, אינ דער אויספירונג פונ די געהעריקע פאָלקס־זינגער פאַרשיידנ סײַ לויטנ אַלגעמיינעמ אײַנדרוק און סײַ אינ דעטאַלנ. עס קאָנ אויכ זײַנ, אַז אפילע באַזונדערע אינטערוואַלנ אינ אַזעלכע ענלעכע לידער ווערנ פאַרשיידנ אינ ט אָ נ י ר ט דורכ דעמ יידישנ און אוקראַינישנ פאָלקס־זינגער. דאָס וואָלט געווענ א וויכטיקע טעמע פאַר א ספּעציעלער אויספאָרשונג, וואָס וואָלט באַלויכטנ א סאַכ ניט־אויסגעקלאָרטע מאָמענטנ אינ דער פראַגע וועגנ דער נאַציאָנאַלער ספּעציפיק פונעמ מוזיק־פאָלקלאָר.

מוזיק צומ טאנצנ און מוזיק צומ הערנ (באגריסנ די מעכוטאָנימ, קאלע־באזעצנ, צומ טיש, גאסנ־ניגונימ — בא אָפּפירנ די מעכוטאָנימ אאז.). וואָס איז שייעכ טענצ, דארפ מענ זאָגנ, אז דאָ איז לאכלומענ ניט צו באמערקנ וואָסער־ניט־איז נאַ־ציאָנאלע אָפּגעגרענעצטקייט. אפּ כאסענעס פלעגט מענ באנאנד מיט ספּעציפיש־יִדישע טענצ, ווי אשטייגער, שער, פריילעכס, בארויגעז־טאנצ, בייגעלע אאַ. אלע־מאָל טאנצנ אלגעמיינ פארשפּרייטע טענצ (אינ דער צווייטער העלפט XIX יה., אשטייגער, — פּאָלקע, קאדריל, ראָנדאָ אאוו.). צווישנ די סאָלאָ־טענצ אפּ יִדישע כאסענעס אינ אוקראַינע און אויסער אוקראַינע איז די „קאזאטשקע“ פונ לאנג אָנ געווענ דער פּאָפּולערסטער און באליבטסטער טאנצ [1].

און ניט נאָר אינעמ XIX יה., נאָר אויכ אינ די פריִערדיקע יאָרהונדערטער פלעגט מענ בא יִדנ טאנצנ אלגעמיינ פארשפּרייטע (ניט דאפקע יִדישע) טענצ.

אויכ אינ דעמ טייל פונ דעמ קלעזמערישנ רעפּערטואר, וואָס פלעגט געשפּילט ווערנ צומ הערנ, אויכ דאָרט טרעפנ מיר אנדער־נאציאָנאלע מוזיקאלישע שטיק, וואָס זיינענ געווענ איבערגענומענע און אָנגענומענע פונ די קלעזמער. שוינ אליינ די נעמענ פונ א סאכ ווערק באווייזנ, אז די קלעזמער האָבנ גערנ איבערגענומענ אנ־דער־נאציאָנאלע מוזיקאלישע פּאָלקס־שטיק (און ניט נאָר פּאָלקס־שטיק) אינ זייער רעפּערטואר, און אז די צוהערער האָבנ גערנ אופגענומענ אזעלכע ווערק. דער „זשאָק“ [2], אשטייגער, וואָס יִדישע קלעזמער פלעגנ שפּילנ אלס גאס־ניגנ (און זעל־טענער אלס טאנצ), איז לעכאטכילע זיכער איבערגענומענ געוואָרנ פונ מאָלדאַ־ווישנ אָדער רומענישנ פּאָלקלאָר־רעפּערטואר. ער איז מיט דער צייט אזוי אָהגאניש ארייַנגעוואקסנ אינ דעמ יִדישנ רעפּערטואר, אז שפּעטער האָט געקאָנט בלייבנ בלויז דער נאָמענ „זשאָק“, און די ווערק גופע, וואָס פלעגנ געשפּילט ווערנ אלס „זשאָק“,

---

[1] אינ איר בוכ „Memoiren einer Grossmutter“ (בערלינ 1908) באשרייבט פּאולינע ווענגעראָווא איר שוועסטערס כאסענע, וואָס איז פארגעקומענ אינ ברעסט־ליטאָווסק אינ 1848 יאָר. וועגנ די טענצ, וואָס מע האָט דעמאָלט געטאנצט אפּנ פארשפּיל (זמירעס), לייע־נענ מיר פאָלגנדעס: „דער פאָטער און די כאשעווע געסט האָבנ צוגעקוקט און האנאָע געהאט פונעמ שיינעמ סאָלאָ־טאנצ, פונעמ רוסישנ (ריכטיקער — אוקראַינישנ — מ. ב.) טאנצ „קאזאטשקע“, וואָס איז אזוי רייִכ אינ קינסטלערישע טענצ־פיגורנ, אינ גראציעזע באווע־גונגענ. באלד נאָכ דעמ האָט מענ געטאנצט אינ האסטיקנ טעמפּ די „גאלאָפּאדע“ פארלעכווייַז ארומ דעמ גאנצנ זאל, פארהאלטנדיק זיכ אפּ א ווײַלע אינ יעדנ פונ די פיר ווינקלענ. דערנאָכ האָט מענ געטאנצט דאָס פריילעכע טענצל „בייגעלע“, א מינ טאנצ אינ א ראָד, דערנאָכ דאָס „באָסידל“, וואָס איז באגלייט פונ העכסט מונטערער מוזיק (פּאנ־פארנ און טאמבורנ), און ענדלעכ האָט מענ גאנצ „צירליכ־מאנירלעכ“ געטאנצט דעמ „קאָנ־טראדאנס“ (ז. 174).

דאָ האָבנ מיר דעמ טאנצ־רעפּערטואר פונ א גווירישער כאסענע. אָבער אויכ די ברייטע פאָלקסמאסנ האָבנ א סאכ און גערנ געטאנצט. אינ „דאָס שטערנטיכל“ (מאָסקווע, 1938) דערציילט אקסענפעלד, ווי אזוי מיידלעכ (אינ א שטעטל אינ פּאָדאָליע אָנהייב פאריקנ יאָר־הונדערט) פלעגנ זיכ זומער צונויפקומענ אינ פּאָליש פונ דער שול און זיכ לערנענ טאנצנ איינע בא דער אנדערער (ז. 54). קיינ נעמענ פונ טענצ ווערנ דאָרטנ ניט דערמאָנט.

[2] אמייִנסטנ זאָגנ די קלעזמער „זשאָק“, זעלטענער „זשאָג“.

זײַנען פאַרפאַסט געװאָרן מאַסע פֿון ייִדישע קלעזמער און האָבן גאַנץ אָפֿט אַפֿילו פֿאַרלוירן די פּרימערדיקע ספּעציפֿישע שטריכן פֿונעם „זשאַנר“.

אינעם קלעזמערישן רעפּערטואַר טרעפֿן מיר א גאַנצע רײ אוקראַיִנישע לידער, וואָס פֿלעגן באַאַרבעט ווערן פֿאַר סאָלאָ (אַמאָפּטמאָל פֿאַר פֿידל־סאָלאָ). זייער פּאָפּו־לער זײַנען געווען וואַריאַציעס אויף דער אוקראַיִנישער פֿאָלקס־ליד „іхав казак за Дунаєм“ אאַ. צווישן די גרעסערע ווערק פֿון פֿערצאָרג באַגעגענען מיר א פֿאַנטאַ־זיע מיטן נאָמען „משומאַק“ (די הויפּט־טעמע איז אַן אוקראַיִנישע פֿאָלקס־ליד).

אָט די דערשײַנונג, — דאָס גערן איבערנעמען און אָריגינעל פֿאַראַרבעטן, אַסי־מילירן אַנדער־נאַציאָנאַלע מאָטיוון, — איז, פֿאַרשטייט זיך, כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פֿאַרן ייִדישן פֿאָלקלאָר. אין דער פֿאָלקלאָריסטיק איז דאָס שוין פֿון לאַנג אָן אַן אומבאַשטרײַטבאַרע פֿעסטשטעלונג. דאָס מינערט ניט אויף קיין האָר די זעלבּ־שטענדיקייט און אָריגינעלקייט פֿון דער מוזיקאַלישער פֿאָלקס־שאַפֿונג.

דאָס זעלבע זעען מיר בײַ די אוקראַיִנער. אין דעם אוקראַיִנישן טאַנץ־רעפּער־טואַר פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט טרעפֿן מיר באַנאַנד מיט די אוקראַיִנישע טענץ אויך אַן „אַרמעניש קאַזאַטשקע“, א „וואָלעך“, א „ייִדישן טאַנץ“, א „מאַדיאַר“, „סער־ביג“, „בולגאַרקע“, „ציגאַנאַטשקע“, „מאָלדאַוואַנאַטשקע“, פּאָלקעס, וואַלס, מאַרש, „קאַמאַרינסקע“ (רוסישער טאַנץ — קאַמאַרינסקאַיאַ) אאַ.

ניט נאָר די פֿאָלקס־קונסט, נאָר אויך די קונסט פֿון די גרויסע נאַציאָנאַלע קאָמ־פּאָזיטאָרן פֿון אַלע פֿעלקער איז ניט געווען נאַציאָנאַל־אָפּגעזונדערט. די גרעסטע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרן, די שעפֿער פֿון דער מעכטיקער רוסישער מוזיק אינעם XIX יה., האָבן אױפֿגענומען אין זייער שאַפֿונג דאָס בעסטע פֿונעם רוסישן פֿאָלק־לאָר, אָבער שוין דער גענױאַלער גלינקאַ האָט געוווּסט צו שאַצן די מוזיקאַלישע פֿאָלקס־קולטור פֿון אַנדערע פֿעלקער (אין זײַן „רוסלאַן“ האָט גלינקאַ אויסגענוצט רוסישע, גרוזיניש, פֿיניש, פּערסישע און טערקישע מעלאָדיעס, אין „אַראַגאָנס־קאַיאַ כאָטאַ“ — שפּאַנישע פֿאָלקס־לידער, אין „קניאַז כאָלמסקי“—ייִדישע אאַוו.). דאָס אייגענע באַלאַקירעוו, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, מוסאָרגסקי אאַ. גרויסע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן אַלעמאָל אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן אינטערעס צום מוזיק־פֿאָלקלאָר פֿון אַנדערע פֿעלקער.

נו, און די דײַטשישע מוזיק? האָט דען דער גענױאַלער בעטהאָווען, דער גרעס־טער אויסדריקער פֿונעם מוזיקאַלישן גייסט פֿון זײַן פֿאָלק, — האָט ער דען ניט אויסגענוצט אין זײַן שאַפֿונג רוסישע, שאָטישע אאַ. פֿאָלקלאָר־שטיק?

מיר קאָנען דאָ פֿעסטשטעלן, אַז דער עכטער פֿאָלקלאָר־קינסטלער, פּונקט ווי דער עמעדיק־גרויסער „ליטעראַרישער“ קאָמפּאָזיטאָר נעמט גערן אויף די פּאַסיקע פֿאַר אים אַנדער־נאַציאָנאַלע מעלאָדיק און וועבט זי אָרגאַניש אײַן אין זײַן אַר־סענאַל פֿון אויסדרוק־מיטלען און אַרבעט זי זעלבשטענדיק איבער, אַפֿילו אין אַזעל־כע פֿאַלן, ווען וואָסערע־ניט־איז שיכטן פֿון א געוויס פֿאָלק קעמפֿן צוליב די אָדער אַנדערע טעמים קעגן אַזעלכע דערשײַנונגען. מיר האָבן ידיעות וועגן דעם קאַמף פֿון דעם ייִדישן קלער קעגן אַנדער־נאַציאָנאַלע מעלאָדיעס, וואָס פֿלעגן אַרײַנגע־בראַכט ווערן דורך פֿאַרשיידענע כאַזאָנים אין דעם מוזיקאַלישן שטייגער. די פֿאַר־באָטן פֿון די ראַבאָנים האָבן אָבער ניט געגילט, ווײַל די פֿאָלקסמאַסע האָט גערן

אופגענומענ אויכ די אנדער=נאציאָנאלע מעלאָדיעס. אנטוויקלונג פונ אָריגינעלער שעפערישקײַט ביכלאל איז אומעגלעכ אָנ דער שטענדיקער באַרײַבערונג דורכ ברייטנ אופנעמענ אונ פאַראַרבעטנ די שעפערישע דערפאַרונג אונ אופטוענ פונ אנדערע מענטשנ, צײַטנ אונ פעלקער. דאָס גילט פאַר דער „ליטעראַרישער" קונסט פונקט אזוי, ווי פאַר פאָלקסטימלעכנ שאפנ.

## 2. קלעזמער אינעמ XIX יאָרהונדערט

ביזנ XIX יה. זײַנענ צו אונדז ניט דערגאַנגענ קיינע יעדיִעס וועגנ באַזונדערע באַגאַבטע קלעזמער. אינ דער ליטעראַטור פונ דעמ XIX יה. האָבנ מיר א סאכ באַשרײַבונגענ פונ רײַכ טאַלענטירטע פערזענלעכקײַטנ, פונ עמעסע מוזיקאַלישע קינסטלער, וועלכע האָבנ מיט זייער קונסט גערירט אונ געוועקט די ברייטסטע מאַסנ. וועגנ זיי האָבנ זיכ געשאפנ פאָלקס=מײַסעס אונ לעגענדעס. מענדעלע מויכער=ספאָרימ דערמאָנט אזוינע לעגענדעס פונ סטעמפעניו אונ זײַנ פידעלע, אפ וועלכנ ער פלעגט שפּילנ אינ די וועלדער, אינ דערפער, אינ שענקענ אונ אומעטומ, ווו עס פלעגט טאַנצנ די פויערשע יוגנט.

אינ זײַנ אויטאָביאָגראַפיש ווערק „פונעמ יאריד" גיט אונדז שאָלעמ=אלייכעמ א בילד פונ א קליינשטעטלדיקנ קלעזמער, ניט פונ אזא, וואָס איז געווענ ווײַט באַרימט אונ באַוווּסט, נאָר גראָד פונ א באַשיידענעמ מוזיקאַנט, וואָס כוץ זײַנ שטעטל האָט קיינער פונ אימ ניט געהערט. שאָלעמ=אלייכעמ האָט סאָפ זיבעציקער יאָרנ געוווינט א זומער אינעמ שטעטל רזשישטשעוו (קיִעווער געגנט) אלס לערער. „דאָס איינציקע הויז, ווו ער — שאָלעמ=אלייכעמ שרײַבט וועגנ זיכ אינ דריטער פערזאָנ — איז אַרײַנגעקומענ אונ געפילט זיכ צווישנ מענטשנ, איז געווענ בײַ אַווראָמ דעמ קלעזמער. אַווראָמ דער קלעזמער — דאָס איז א טיפּ פונ אַנ ארטיסט, אַנ עמעסער מאַעסטראָ, וואָס פאַרדינט באַשרײַבנ צו ווערנ.

א הויכער מענטש, א ברייטער, מיט א קײַלעכיק ברייט פּאָנעמ, מיט קליינע אייגעלעכ, געדיכטע ברעמענ, שווארצע לאַנגע געקרײַזלטע האָר. הענט ברייטע, גראָבע, באַוואַקסענע. אזוי אז די פידל האָט אינ זײַנע הענט אויסגעזענ ניט ווי א פידל, נאָר ווי א פידעלע, א שפּילכל. קיינ נאָטנ האָט ער ניט געקענט, אונ דאָכ האָט ער געהאַט זײַנע אייגענע קאָמפּאָזיציעס. אונ שפּילנ האָט ער געשפּילט אזוי, אז מע האָט געקאָנט מאַמעש אויסגיינ אונטער זײַנע הענט. דאָס איז געווענ א מינ סטעמפּעניו, אונ עפּשער מיט א קאָפּ העכער פונ סטעמפּעניוּן. אינ לעבנ איז ער אויכ געווענ א סטעמפּעניו. א מאָדנער פאַרשוינ. א פּאָעטישע נאַטור אונ א גרויסער ליבהאָבער פונ שיינע ווײַבלעכ אונ מיידלעכ".

אָט האָבנ מיר נאָכ א ליטעראַריש בילד פונ א קלעזמער אינ א קליינ שטעטל לעבנ אומאַנ.

„געווענ צוויי ברידער אינ סאָקאָליווקע: אָשער אונ כאַימ. אָשער האָט געהאַט א קאַפּעליע קלעזמער אונ איז געווענ באַקאַנט אינ דער סוויווע. כאַימ האָט בײַ אימ געשפּילט די צווייטע פידל. שפּעטער איז אימ דאָס מיִעס געוואָרנ, האָט ער זיכ אַרײַנגעקליבנ צו אונדז אינ שטעטל אונ געוואָרנ א קלעזמער פאַר זיכ. געווענ איז

ער אַנ עמעסער קינסטלער — מיט גרויסע, פֿאַרכאָלעמטע אויגנ; מיט אַ בלייב אויסגעדאַרט פּאָנעם, מיט לאַנגע, ווײַסע, דינע פּילבאַרע פינגער: פונ דער וועלט האָט ער קימאַט נישט געוווּסט גאָרנישט. אַ קינד האָט אים געקאָנט פירנ בײַ דער נאָז... דערפאַר, אַז ער פלעגט אַוועקלייגנ די באַק אויפ דעם פידעלע און נעמענ פירנ מיטנ סמיטשיק איבער די סטרונעס, האָט ער פאַר אײַך אופגעעפנט גאָר אַ נײַע וועלט. איר האָט געפילט, אַז בײַ אים אינ פידעלע איז פאַרבאָרגנ אַ נעפּאַגענע נעשאָמע. די נעשאָמע רײַסט זיך אויפ דער פרײַ: די נעשאָמע קלאָגט און וויינט און בעט זיך... ייִדנ מיט בערד, מיט פאַרהאַרטעוועטע פּענעמער האָבנ זיך געפילט ווי קליינע קינדער, ווענ זיי האָבנ געהערט כאַיִמ קלעזמער. ייִדנ האָבנ זיך געוואָלט צוטוליענ צו עמעצנ, זיך פּעסטענ, ווי אַ קינד פאַר דער מאַמענ, זיך באַקלאָגנ אויפנ ביטערנ מאַזל. די פידל האָט גערעדט. דאָס פידעלע האָט געזונגענ... דאָס פידעלע האָט געצופּט בײַ דער נעשאָמע. כאַיִמס פּאָנעם איז געוואָרנ נאָכ בלאַסער, זײַנע גרויסע אויגנ — נאָכ גרעסער, נאָכ שוואַרצער, זײַנ באַק האָט זיך פעסטער גע-פרעסט צומ פידעלע, אַקוראַט, ווי ס'וואָלט געווענ אַ לעבעדיקער מענטש...

כאַיִמ האָט שוינ געשפּילט אויפ כאַסענעס, נאָכ שענער האָט ער געשפּילט פאַר זיך אַליינ אַמאָל אַפּדערנאַכט, ווענ די שטאָט איז געשלאָפנ...

ייִדנ פלעגנ אומיסטנע אופּפּעסנ די פענצטער און הערנ, ווי כאַיִמס נעשאָמע רײַסט זיך אַרופּ אינ די הויכע הימלענ. יונגעלײַט פלעגנ שטיינ אינ די שאָטנס פונ די הײַזער און האָרכנ, און גאַפנ. כאַיִמ איז געווענ דער פּאָעט, דער געבוירענער קינסטלער"[1].

אָבער ניט בלויז די ייִדישע פאָלקסמאַסע האָט אָנערקענט דעם טאַלענטירטנ קלעזמער. עס זײַנענ פאַראַנ אַ סאַכ יעדיִעס וועגנ דעם, וויאַזוי ניט-ייִדנ זײַנענ באַ-גײַסטערט געווענ פונ דעם שפּילנ פונ ייִדישע קלעזמער.

אַזוי, אַשטייגער, דערציילט אונדז י. קאָטיק וועגנ אייגעמ אַ קלעזמער שעפּסל, וואָס איז געשטאַנענ אינ דער שפּיץ פונ די קאָברינער קלעזמער (אויעזד-שטאָט אינ גראָדנער גובערניע, מיט פונ XIX יה.). קיינ נאָמענ האָט שעפּסל ניט געקאָנט. ער איז אָבער געווענ אַנ אויסגעצייכנטער פידלער און האָט געשעמט אינ דער גאַנ-צער געגנט.

„דער שעפּסל, — שרײַבט י. קאָטיק, — איז געווענ אַזוי מעפורסעם, אַז עס האָט דערגרייכט זײַנ נאָמענ ביז פּאַסקעוויטשנ, דעם פּוילישנ נאַמעסטניק. יענער האָט געשיקט נאָכ אים, און שעפּסל האָט געשפּילט אַליינ מיט זײַנ פידל. פּאַסקע-וויטש איז איבעראַשט געוואָרנ... אַלע אָווענט פלעגט ער פאַרבעטנ צו זיך די פּאָר-נעמסטע געסט, און שעפּסל האָט געשפּילט צומ מיטיק באַם טיש אַ צוויי-דרײַ שאָ... ער האָט אים געגעבנ טויזנט רובל מיט אַ דיפּלאָם, וווּ ער האָט געשריבנ, אַז שעפּסל האָט אַ געמלעכנ מוזיקאַלישנ טאַלאַנט, נאָר ער איז ניט געלערנט"... (י. קאָטיק — „מײַנע זיכרוינעס", ב. I, ז. 37—38).

אַנ אַנדער פּאָרעצ (מיכאַווסקי, אַליינ אַ פּיִאַניסט) איז געווענ אַנציקט פונ שעפּ-

---

[1] מ. אָלגינ — „מײַנ שטעטל אינ אוקראַיִנע". ניו-יאָרק, 1921, ז. 20—21.

כּלענ מיט זײַנ שפּילנ, אונ ער האָט געזאָגט, אז זײַנ גאנצ לעבנ האָט ער ניט גע-הערט אזוי גוט שפּילנ, ווי שעפּסלענ (דאָרטנ, ז. 233).

ווענ אזא קלעזמער האָט צופעליק געהאט די מעגלעכקײַט זיכ צו באווײַזנ מיט זײַנ קונסט פאר די בעסטע מוזיקער — אויכ דעמלט האָט ער ארויסגערופנ באגײַסטערונג פאר זײַנע פייִקײַטנ אונ פאר זײַנ קונסט. עס איז געגאנג דאָ צו דער-מאָנענ דעם וווּנדערבארנ טאלאנט, דעם קלעזמער מיכאָעל-יויסעפ גוזיקאָוו (1809—1837), וואָס האָט מיט זײַנ אײַנפאכער קלעזמערישער פאָלקס-קונסט אויסגעפירט אפנ צימבל, ארויסגערופנ באגײַסטערונג אונ באוווּנדערונג אינ א סאכ שטעט פונ אייראָפּע, אינ די גרעסטע אונ דעמלט אָנערקענטע מוזיקאלישע צענטערס.

מיכאָעל-יויסעפ גוזיקאָוו איז געבוירנ אינ שקלאָוו (מאָליעווער גובערניע) אינ א קלעזמערשער פאמיליע, וואָס האָט זײַט הונדערט יאָר ארויסגעגעבנ פונ זיכ גוטע פלייטיסטנ. אויכ מיכאָעל-יויסעפ האָט, ווי זײַנ פאָטער, זיידע אונ עלטערזיידע, גע-שפּילט אפנ פלייט. פרי אָבער האָבנ זיכ באוויזנ בא אים סימפּטאָמענ פונ דער „שווערער קרענק" (טובערקוליאָז), אונ ער האָט געמוזט ווארפנ די פלייט. ער האָט זיכ גענומענ שפּילנ אפנ צימבל. א פּאָר יאָר האָט ער געשפּילט אפנ צימבל. ער האָט פאר זיכ קאָנסטרויִרט א צימבל, וואָס איז באשטאנענ פונ הילצערנע ברעטע-לעכ אויסגעלייגט אפ א שטרויענעמ אונטערשלאק. דער קלאנג פונ אָט דעמ צימבל איז געווענ זייער א שוואכער, ער האָט אָבער פארכאפּט דעמ צוהערער מיט זײַנ ווייכנ אונ אָנגענעמענ טאָנ.

וויִאזוי ער האָט אָנגעהויבנ ארויסטרעטנ אפ קאָנצערטנ — וועגנ דעמ האָבנ מיר קיינ ידיעות ניט. עס איז באוווּסט, אז אינ יאָר 1832 איז ער ארויסגעטראָטנ אפ א קאָנצערט אינ קיִעוו, אונ דאָרט האָט אים געהערט דער דעמלט בארימטער פידלער ליפּינסקי. ליפּינסקי איז געווענ איבערראשט פונ זײַנ שפּילנ. אינ זעלבנ יאָר איז גוזיקאָוו ארויסגעטראָטנ אפ א קאָנצערט אינ אָדעס. נאָכ זײַנ צווייטער ארויס-טרעטונג אינ אָדעס אינעמ יאָר 1833 [1] האָט מענ אים אײַנגעאָרדנט א קאָנצערט-טורנע איבער אייראָפּע (ווינ, דײַטשלאנד, פראנקרײַכ). אומעטום האָט ער געהאט א קאָלאָסאלנ דערפאָלג. פונ בריסעל האָט ער זיכ געלאָזט פאָרנ צוריק קיינ רוסלאנד, אָבער צוריק אהיים איז ער ניט געקומענ: אינ אאכענ איז ער געשטאָרבנ אינעמ טעאטער, בייסנ קאָנצערט, מיטנ צימבל אינ די הענט.

גוזיקאָוו האָט ניט געקענט קיינ נאָטנ. ער האָט דעריקער געשפּילט פונ זײַנ קלעזמערישנ רעפּערטואר.

---

[1] אינ „Одесский Вестник" פארנ 1833 יאָר (נומ. 63, 12 אוגוסט, ז. 252) לייענענ מיר אזא מעלדונג (איבערגעזעצט פונ רוסיש):

„דער ארטיסט גוזיקאָוו, וואָס איז אהער געקומענ, האָט די ערע צו וויסנ צו טאָנ דאָס געערטע פּובליקומ, אז דעמ קומענדיקנ מאָנטיק, דעמ 14 אוגוסט, וועט ער דאָס צווייטע מאָל געבנ אינ דעמ היגנ טעאטער א קאָנצערט אפ דעמ האָלצ-שטרוי-אינסטרומענט, וואָס ער האָט דערפונדנ".

אינ דעמ זעלבנ „אָדעסקי וועסטניק" פארנ 1837 יאָר (נומ. 49, 9 יונ, ז. 572) ווערט דערמאָנט גוזיקאָווס ארויסטרעטונגענ אינ אָדעס אונ אינ אנדערע שטעט, אונ עס ווערט מיטגעטיילט, אז בא אים האָט מענ אינ בריסעל צוגעגאנוועט זײַנ אינסטרומענט.

דער באריממער קאמפאזיטאר פ. מענדעלסאנ-בארטאלדי, וואס האט צוזאמענמיטנ באוווסטנ פידלער דאוויד געהערט גוזיקאווג אינ לײפציג, שרײבט וועגנ אים אינ א בריוו צו זײנ (מענדעלסאנס) מוטער (18 פעווראל 1836) אזוי:

„איכ בינ נײגעריק צו וויסנ, צי געפעלט אײַך גוזיקאוו אזוי ווי מיר. ער איז אנ עמעסער פענאמענ, אנ אנטיק, וואס שטײט ניט נידעריקער פונ קײנ שומ ווירטואז אינ דער וועלט — ניט לויט זײנ ארט אויספירנ, ניט לויט זײנ רײנקײט. אונ דעריבער האט ער מיכ מער דערפרײט מיט זײנ (שפילנ אפ דעם) האלצ- אונ שטרוי-אינסטרומענט, אײדער א סאכ אנדערע מיט זײערע פארטעפיאנעס, כאטש ער (זײנ אינסטרומענט) איז אנ אומדאנקבארער... יעדנפאלס האב איכ שוינ א לאנגע צײט ניט געהאט אזויפיל פארגעניגנ אפ א קאנצערט, ווי אפ דעם דאזיקנ, ווײל ער (גוזיקאוו) איז בעפײרעש אנ עמעסער געני“ [1].

אזא אפשאצונג ווי מענדעלסאנ-בארטאלדיס פונ מיכאעל-יויסעפ גוזיקאווג דעמ ווונדערבארנ צימבלער, וועלכנ ס'האבנ געהערט אונ באווונדערט א סאכ בעסטע מוזיקער פונ זײנ צײט, — וואלט מענ געוויס געקאנט אנווענדנ אויכ פאר יענע אנצאליקע גוזיקאווס, וואס זײנענ פארבליבנ אומבאקאנט אונ פארווארפנ אינ די קלײנע שטעטלעכ אונ האבנ דערפרײט אונ געקוויקט מיט זײער קונסט די ייִדישע פאלקסמאסנ, האבנ געלעבט אינ דאלעס אונ דאכקעס, אונ ס'איז פונ די מײסטער פונ זײ, אפילע קײנ שומ יעדיעס אונ שפורנ ניט פארבליבנ.

צומ סאפ XIX יה. איז אינ רוסלאנד געווענ העכער דרײ טויזנט ייִדישע קלעזמער. אינ אוקראינע אלײנ איז צו יענער צײט געווענ העכער טויזנט קלעזמער [2].

צומ אנהײב XIX יה. איז די צאל קלעזמער געווענ באדײטנדיק קלענער. אזא וווּקס פונ דער צאל קלעזמער, ווי מיר באגעגענענ אינ סאפ XIX יה., האט גע-

---

[1] Briefe aus den Jahren 1833—1847 von Felix Mendelssohn-Bartholdy. וועגנ גוזיקאווג איז פאראנ א היפשע ליטעראטור. זע, אשטײגער, — Schlesinger—Über Gusikow, 1836, ווינ; זע אויכ: Fetis — Biographie universell des musiciens, די מוזיקאלישע ווערטערביכער אונ ענציקלאפעדיעס פונ רימאנ, מענדעל אא. אינ: „Рассвет“ פאר 1861 יאר (נומ. 49) איז פאראנ א ביאגראפישע פארצײכענונג פונ ד. פרידמאנ. אינ „דער ניצליכער קאלענדאר... פונ ש. י. אבראמאוויץ“ (מענדעלע מויכער-ספארימ), ווילנע, 1878, איז אויכ פאראנ א נאטיצ וועגנ גוזיקאווג. זי איז אבער פול מיט גרײזנ וואס איז שײעכ די דאטעס, פאמיליעס אאוו.

[2] לויט די מאטעריאלנ, וואס איכ האב אופגעזאמלט, באקומט זיכ, אז אינ יעדער גובערניע פונ דער אוקראינישער טעריטאריע איז געווענ בערעכ 50—60 ייִדישע קלעזמער-קאפעלעס. איכ רעכנ דורכשניטלעכ צו 3—5 מענטשנ אינ א קאפעלע. דאנ באקומט זיכ 120—150 קלעזמער אינ א גובערניע. אינ די זעקס גובערניעס, ווו ס'האט געוווינט דער גרעסטער טײל ייִדישע באפעלקערונג (קיעווער, וואלינער, טשערניגאווער, פאלטאווער, פאדאליער אונ נאוואראסײסקער געגנט) — 900—1500 קלעזמער. די דאזיקע צאל איז בעפײרעש א מינימאלע. אינ די גרעסערע ייִדישע שטעט איז אלעמאל געווענ צו עטלעכע קאפעלעס, וואס האבנ כוצ דעמ געהאט א סאכ א גרעסערנ באשטאנד. אינ בערדיטשעוו, אשטײגער, איז אינעמ פערטנ פערטל פאריקנ יארהונדערט געווענ העכער 50 קלעזמער (זײ האבנ אפילע געהאט אנ אײגענע קלעזמערישע שול (בעסמעדרעש). אויכ אינ בעלאצערקווע, ראדאמישל אאוו. שטעט איז דערמיט געווענ צו צוויי גרויסע קאפעלעס.

קאָנט פאַרקומענ נאָר צוליב דעם, וואָס די קהילע-אָרגאַניזאַציע האָט שוינ דאַנ פאַרלוירנ איר מאַכט, און קאַפּעלעס האָבנ געקאָנט פרײַ געשאַפנ ווערנ אומעטום. אַחוצ דעם, איז אינ מעשעב פונעם XIX יה. אַפּ אַ סאַכ פאַרגרעסערט געוואָרנ די צאָל ייִדנ אינ די שטעטלעכ. די באַגרענעצטקײַט פונ פּראָפעסיעס, וואָס זײַנענ געווענ צוטריטלעכ פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג אינעם געוועזענעם תּחום, האָט געשטויסנ אַ סאַכ מער-ווייניק מוזיקאַליש-פעיִקע ייִדנ צו ווערנ פּראָפעסיאָנעלע מוזיקער, אָדער לעכאַלאַפּאָכעס אויסצונוצנ די מוזיק אַלס אייגע פונ זייערע פּראָפעסיעס. צומיינסטנ האָבנ די ייִדישע קלעזמער געשפּילט צווישנ ייִדנ. זיי האָבנ אָבער אויכ באַדינט די ניט-ייִדישע באַפעלקערונג און די פּריצים אַאַוו.

אינ מערעוו-אייראָפּע האָבנ די ייִדישע קלעזמער געהאַט אַ סאַכ אויסצושטייג פונ זייערע ניט-ייִדישע קאָנקורענטנ מוזיקער [1].

גאָר אַנדערש איז געווענ די לאַגע פונ די ייִדישע קלעזמער אינ רוסלאַנד. קיינ קאָנקורענטנ אינ די שטעט און שטעטלעכ האָבנ זיי ניט געהאַט, און זייער אָפט האָבנ אַפילע גאָר שוואַכע ייִדישע ליבהאָבער מוזיקער געמוזט שפּילנ אַפּ בעלער,

---

[1] דער מוזיק-פאָרשער פּ. נעטעל האָט פאַרעפנטלעכט אַ רײַ אַרכיוו-דאָקומענטנ, וואָס באַלויכטנ די לאַגע פונ ייִדישע קלעזמער-קאַפּעלעס אינ דער צווייטער העלפט XVII יה. אינ פּראָג. די ייִדישע קלעזמער האָבנ דעמלט ניט געקאָנט אָנגענומענ ווערנ אַלס שטאָט-מוזיקער און זיי האָבנ געמעגט שפּילנ נאָר בײַ ייִדנ. אָבער בלויז די ייִדישע סוויווע האָט זיי ניט געקאָנט געבנ גענוג פאַרנאָסע, און אינ 1631 יאָר דערשלאָגנ זיי זיכ אַ דערלויבעניש צו שפּילנ אויכ אַפּ ניט-ייִדישע באַסעגעס, סימכעס אאַז. די ניט-ייִדישע באַפעלקערונג האָט גערנ אײַנגעלאַדנ די ייִדישע קלעזמער, אָבער די ניט-ייִדישע מוזיקער לײַדנ דערפונ מאַטעריעל, און עס גייט אַוועק אַ גאַנצע רײַ אָנקלאָגנ אַפּ די ייִדישע קלעזמער. די ניט-ייִדישע מוזיקער מאָטיווירנ זייערע באַקאָשעס דערמיט, וואָס „די ייִדישע מוזיקער שפּילנ שלעכט, זיי האַלטנ ניט אויס ניט קיינ טעמפּ און ניט קיינ טאַקט און מאַכנ בלויז כויזעק פונ דער אידעלער מוזיק" (זע נעטעל פּ. — Die Prager Juden-Spielleutezunft און Alte judische Spielleute und Musiker, ציטירט לויט אַ רעצענזיע אינ „אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פונ ייִדישנ טעאַטער און דראַמע" ב. I, 1930, ז. 470—472).

די ייִדישע קלעזמער פּרווונ ניט פאַרטיידיקנ זייער קונסט און שטעלנ אַרויס גאַנצ פּראַזאַיִשע מאָטיוונ, אַז אויב עס וועט זיי ניט דערלויבט ווערנ צו מוזיצירנ, האָבנ זיי ניט פונ וואָס צו לעבנ. פונ אָט דער מאָטיוויזאַציע וויל מענ דרינגענ, אַז די ייִדישע קלעזמער-קאַפּעלעס זײַנענ טאַקע געווענ גאַנצ שוואַכע. דאָס אַלייִנ איז גראָד אַ קלייִנער באַווײַז. מיר וויסנ, אַז די שטאָט-מוזיקער פלעגנ אַזוי רײַדנ ניט נאָר וועגנ ייִדישע קלעזמער, נאָר וועגנ אַלע מוזיקער, וואָס האָבנ מיט זיי קאָנקורירט. די שטאָט-מוזיקער פונ ברעמענ זײַנענ ניט צופרידנ דערמיט, וואָס ניט-צעכ-מוזיקער (קריסטנ) איז דערלויבט צו שפּילנ אַפּ באַסעגעס בײַ די שטאָט-בירגער. אינ יאָר 1593 דערלאַנגענ זיי אַנ אָנקלאָג דעם שטאָט-ראָט און שרײַבנ, אַז „אינ דער דאָזיקער פײַנער שטאָט ווערנ אירע שטענדיקע מוזיקער אַרויסגעשטויסנ פונ אַנדערע ניט-געניטע „לירנ-דרייערס".

די ניט-שטאָט-מוזיקער דערווידערנ קעגנ דער באַצייכענונג „לירנ-דרייער" און דערווײַזנ, אַז שוינ זייערע „זעליגע ליבע עלטערנ" זײַנענ געווענ בירגער פונ ברעמענ און האָבנ געשפּילט אַפּ פידלענ, ווײַאָלעס אאַז. אויב מע וועט בײַ זיי אָפּנעמענ די רעכט צו שפּילנ אומזונטיק אַפּ באַסעגעס, וועלנ זיי מיט ווײַב-און-קינד שטאַרבנ פונ הונגער (זע A. Arnheim—Aus dem Bremener Musikleben im XVII Jahrhundert. Sammelbände der internat. Musikgesellschaft, 1910, s. 380—381).

פימכעס אדנ. בא ניט־ייִדנ. אינ זײנע זיכרוינגעס „Записки еврея“ דער־צײלט באַגראָוו, אז אינ דער שטאָט ל. (פּאָלטאַווער גובערניע, 40־קער יאָרנ פאָריקנ יה.) זײנענ געווענ דרײ ייִדישע יונגעלײט, וואָס האָבנ א ביסל געקענט שפּילנ (פידל, פלייט אונ באַס). דער גאָראָדניטשי פלעגט צווינגענ אָט דעמ „אָרקעסטער“ צו שפּילנ בא אימ אפ די אָוונטנ, ווײל קײנ אנדערע מוזיקער זײנענ דעמלט ניט גע־ווענ (ז. 151—152). אויבנ האָבנ מיר געבראַכט פונ קאָטיקס זיכרוינגעס וועגנ די ייִדישע קלעזמער פונ קאָברינ, וואָס פלעגנ אײַנגעלאַדנ ווערנ צו די פּריצימ אפ בעלער.

דאָס אַלצ האָט געבראַכט צו דעמ, אז די צאָל ייִדישע מוזיקער אינ רוסלאַנד איז אינ מעשעכ פונעמ XIX יה. שטאַרק געוואַקסנ. אָבער קאָנצערט־אָרקעסטערס זײנענ דעמלט (1־טע העלפט פונ XIX יה.) אינ רוסלאַנד נאָכ געווענ זײער ווײ־ניק, אונ אינ אַזעלכע אָרקעסטערס האָבנ ניט געקאָנט אָנקומענ די דורכשניטלעכע ייִדישע קלעזמער; צומײנסטנ זײנענ זײ דאָכ געווענ ניט גענוג קוואַליפיצירט. ערשט אינ לעצטנ פערטל פונ XIX יה., ווענ די קלעזמערישע קינדער האָבנ אָנגעהויבנ אָנצוקומענ אינ די מוזיק־שולנ, וואָס האָבנ זיכ צו יענער צײט אינ רוסלאַנד גע־גרינדעט, אונ האָבנ דאָרט באַקומענ מער־ווײניקער סיסטעמאַטישע מוזיקאַלישע ביל־דונג — דעמלט קומענ זײ אויכ אָנ אינ א גרויסער צאָל אינ אַלערלײ אָרקעס־טערס.

פונ עלטערע רעפּראָדוקציעס אונ אנדערע קוואַלנ ווײסנ מיר, אז די ייִדישע קלעזמער־קאַפעלעס זײנענ באַשטאַנענ דעריקער פונ סטרונעס־אינסטרומענטנ. אינ דעמ פאַקט דאַרפ מענ ניט זוכנ קײנ נאַציאָנאַלע ספּעציפיק, — דאָס איז געווענ אַנ אַלגעמײנע דערשײנונג בא דער שטאָטישער באַפעלקערונג פונ אייראָפּע. אינ אַל־געמײנ זײנענ אינ די לעצטע יאָרהונדערטער געווענ צוויי אָרקעסטער־טיפּנ — פונ „שטאַרקער“ אונ „שטילער“ מוזיק. די ערשטע זײנענ באַשטאַנענ פונ הערנער (טרו־בעס) אונ פונ פּויקנ, די צווייטע — בלויז פונ פידלענ אונ פלייטנ. עס איז געווענ פעסט באַשטימט, וואָסערע שטאַנדנ קאָנענ זיכ באַנוצנ מיט דעמ אָדער יענעמ אָר־קעסטער אונ וויפל טענצ מע מעג שפּילנ אינ באַזונדערע פאַלנ. אַלס כּלל האָט, מענ בא ייִדנ קײנ „שטאַרקע“ מוזיק ניט געטאָרט שפּילנ. אַזא אָרקעסטער איז דערלויבט געווענ בלויז אפ אַזוינע כאַסענעס, ווו די כאַלע האָט געהערט צומ „ערשטנ שטאַנד“ (אַדל־שטאַנד).

די ייִדישע קלעזמער פונ אַלע לענדער, ווו מיר באַגעגענענ זײ, האָבנ אַלעמאָל געשפּילט אפ די אינסטרומענטנ, וואָס זײנענ פאַרשפּרײט געווענ בא די שטאָטישע שטאַנדנ ביכלאַל. אפ א געמעל פונ א מיטלאַלטערלעכער האַגאָדע זעענ מיר א ייִדישנ קלעזמער, וואָס שפּילט אפ א ליוטניע (האַרפּע). אפ שפּעטערדיקע רעפּראָ־דוקציעס, ווו מיר באַגעגענענ ייִדישע קלעזמער (אינ אייראָפּע), טרעפנ מיר זײ אַלע־מאָל מיט אייראָפּעיִשע אינסטרומענטנ. אויכ אינ די עלטסטע פאָלקלאָר־מאַטעריאַלנ אפ ייִדיש ווערנ דערמאָנט בלויז אייראָפּעיִשע אינסטרומענטנ. אינ א טאַנצ־ליד פונ אײַזיק וואָליכס זאַמלונג (XVI יה.) ווערנ דערמאָנט: „האַרפּנ אונ ליוטנ, פידל אונ פּויקנ“.

וואָס איז שײַעכ דעמ באַשטאַנד פונ די ייִדישע קלעזמער־קאַפעלעס, באַגעגענענ

מיר אויכ דאָ ניט קיינ ספּעציפישע באַזונדערקייטנ. ביז דער צווייטער העלפט פונעם XIX יה. איז א יידישע קלעזמער=קאַפּעלע געווײנלעכ באַשטאַנענ פונ 3—5 קלעזמער. אינ אנ עלטערער באַסנע=ליד, וואָס איז געבויט לויט דער ליד „אחד מי יודע“, באַגעגענענ מיר אזא סטראָפע:

„לאָמיר זענ צו פאַרטײַטשנ,
וואָס „דרײַ“ טוט באַטײַטנ:
דרײַ זײַנענ די קלעזמאָרים,
וואָס זײַנענ מעסאמייעכ רײַכ אונ אָרעמ“.

(גינזבורג—מארעק, יידישע פאָלקס=לידער, 1091, נומ. 259. קאָוונער גובערניע).

אינ אנ אנדער וואַריאַנט פונ דער דאָזיקער ליד ווערט אָנגערופנ די צאָל „פינפ“:

„ווער עס קאָנ קעסיידער ציילנ,
וואָס עס מיינט „פינפ“:
פינפ זײַנענ די קלעזמאָרים... אאוו.[1]

(י. ל. קאהאנ — יידישע פאָלקס=לידער, נײַע זאמלונג. ניו=יאָרק, 1933, נומ. 105, טשעמיראָוויצ, פּאָדאָליע).

אינ א. ב. גאָטלאָבערס זיכרוינעס ווערט דערציילט וועגנ דער קלעזמער=קאַפּעלע אינ אלט=קאָנסטאַנטינ (וואָלינ, אָנהייב XIX יה.), וואָס איז באַשטאַנענ פונ פיר אינסטרומענטנ — פידל, קלארנעט, פּײַפּיִאָל אונ בויק מיט טאַצנ.[2]

דער גרויסער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר רימסקי=קאָרסאַקאָוו דערציילט וועגנ יידנ קלעזמער אינ זײַנ געבורטס=שטאָט (טיכווינ, נאָווגאָראָדער גוב.). „דער טיכווינער אָרקעסטער פאַר בעלער, — שרײַבט ר.=קאָרסאַקאָוו, — איז א לאנגע צײַט באַשטאַנענ פונ א פידל, אפּ וועלכער עס האָט געשפּילט פּאָלקעס אונ קאַדרילנ עפּעס איי=

[1] קאהאנ דערמאָנט דאָרט נאָכ אַנדערע וואַריאַנטנ פונ דער דאָזיקער ליד, וואָס שטאַמענ פונ בעהמענ (א יאָר 60—80 צוריק) אונ פונ מאָטעסדאָרפ. אינ 1930 יאָר האָב איכ פאַרשריבנ א וואַריאַנט אינ אָדעס. אינ די אלע וואַריאַנטנ ווערט אָנגעגעבנ די צאָל 3 אָדער 5 קלעזמער.

[2] ז. א. פרידקינ — „א. ב. גאָטלאָבער אונ זײַנ עפּאָכע“, ז. 45—46. דעם באַדײַט פונעם וואָרט „פּײַפּיִאָל“ גיט פרידקינ ניט אָנ. מיר האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ קאָנטראָלירנ די דאָזיקע שטעל לויט גאָטלאָבערס העברעיִשנ אָריגינאַל, אונ איכ ווייס ניט, צי געהער דאָס וואָרט „פּײַפּיִאָל“ דעם איבערזעצער פונ גאָטלאָבערס זיכרוינעס (א. ז. פרידקינענ), צי עס איז אזוי אינ אָריגינאַל אָנגעגעבנ.

אינ א סקיצע אינעם דריטנ בוכ פונ מ. ספּעקטאָרס „הויז=פרײַנד“, ווארשע 1894 (מ. מאַלעס — „פּארנ באַרעקנס“) באַגעגענענ מיר אזא פראזע: „מאָרדכע=בער דער קלארנעטשיק, אָדער דער „פּײַפּיִאָל“ (ז. 142). דאָ איז קיינ סאָפּעק ניט, אז אפּ פּאָלטאַווטשיניע (דער אומאָר איז פונ פּיריאַטינ) האָט מענ דעם קלארנעט נאָכ אינ די 90=ער יאָרנ גערופנ אויכ פּײַפּיִאָל. צי האָט פּײַפּיִאָל געהאַט דעם זעלבנ באַדײַט אינ גאָטלאָבערס צײַטנ?

אויכ אינ ווילנער גובערניע פלעגט מענ דעם קלארנעט אָנרופנ פּײַפּיִאָל (מיטגעטיילט פונ כ' מאַנוסעוויטש). אינ דעמ יידיש=ענגליש=העברעיִשנ ווערטערבוכ פונ אל. הארקאַווי (ניו=יאָרק, 1925) ווערט דאָס וואָרט „פּײַפּיִאָל“ פאַרטײַטשט „פליוט“ (flute חליל). אפּ וואָסער סמאַכ?

נער ניקאָלײַ, און פונ א פײַקל (בובענ), אַז װעלכנ ס'האָט אַרטיסטיש געקלאַפט קוזמא — א מאַליער לױט דער פּראָפעסיע און א גרױסער שיקער. אינ די לעצטע יאָרנ (אַרום 1856 — מ. ב.) האָבנ זיך באַװיזנ ייִדנ (פידל, צימבל און פײַקל), װאָס האָבנ לײַכט אַרױסגעשטױסנ ניקאָלײַענ מיט קוזמא און זײַנענ אַרײַנ שטאַרק אינ דער מאָדע"[1].

נאָכ אײנעם דריטנ פערטל פונעם פאָריקנ יה. טרעפנ מיר אזא באַשטאַנד אינ א סאַכ שטעטלעכ פונ רוסלאַנד. אַזױ, אַשפּיגער, דערצײלט טשעמעריסקי (רעב מאָרדכעלע) אינ זײַנע זיכרױנעס, אַז אינ זײַנ געבורטס־שטעטל מאַטאָלי (גראָדנער גוב., קאָװנער אױיעזד) איז אינ די 60־קער יאָרנ געװענ בלױז דרײַ קלעזמער — פידל, טרובע און צימבל[2].

װעגנ א קלעזמער־קאַפּעלע פונ פינפ אינסטרומענטנ (פידל, קלאַרנעט, צימבל, באַנדורע (באַס) און פײַקל) דערצײלט אונדז דער פּאָפולערער באַדכנ פידלמאַנ אינ זײַנ װערק „שירי אסף אָדער די קלײנשטעטלדיקע כאַסענע" מאַת אַלעקסאַנדער סענדער פידלמאַנ, װילנע, 1873, ז. 1—19.

דעם זעלבנ באַשטאַנד, אָבער אָנ קלאַרנעט (פידל, צימבל, באַס און פױק) באַגעגענענ מיר אינ א סקיצע „א פאַרשטערטער האָנ" („בילדער פונ דער ליטע") פונ שאַצקעס. (זע די „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק, הערױסגעגעבנ פונ שאָלעם־אַליכעם. ערשטעס בוכ. קיעװ, 1888, ז. 170—171).

אינ דער אױבנ דערמאָנטער סקיצע „פאַרנ באַדעקנס" פונ מ. מאַלעס (געשריבנ אינ 1893, פירױאַטינ, פּאָלטאַװער גוב.) איז אָנגעגעבנ אזא באַשטאַנד פונ א קלעזמער־קאַפּעלע: פידל, קלאַרנעט, טרובע, באַס און פײַקל. קײנ צימבל װערט נישט דערמאָנט.

ס'איז קעדײַ צו באַמערקנ, אַז דער צימבל אינ דער ייִדישער קלעזמער־קאַפּעלע האָט זיכ לענגער פאַרהאַלטנ אינ װײַסרוסלאַנד. נאָכ אינ די 20־קער יאָרנ פונ איצטיקנ יה. (דה. שוינ נאָכ דער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע) האָט אינ לענינגראַד געשפּילט א קאַפּעלע ייִדישע צימבלער, װאָס שטאַמענ פונ װײַסרוסלאַנד (זע װעגנ דעמ Н. Финдейзен—Еврейские цимбалы и цимбалисты Лепянские. Сб. „Музыкальная этнография", Ленинград, 1926, стр. 37—42
א סאַכ זעלטענער זײַנענ די ידיעס װעגנ ייִדישע צימבלער אַפ אוקראַינע (אינעם לעצטנ פערטל פונעם פאָריקנ יה.).

פ. טשובינסקי[3] רופט אָנ אזא באַשטאַנד פונ ייִדישע קלעזמער־קאַפּעלעס (יאָר 1876) — פידל, באַס, צימבל און פײַקל (בובענ). פונ צענדליקער קלעזמער, װאָס איכ האָב אױסגעפרעגט, געדענקט נאָר אײנער, דער קלאַרנעטיסט דוליצקי

[1] Н. А. Римский-Корсаков—Летопись моей музыкальной жизни, 1844—1909. СПБ, 1910, стр. 4.

[2] זע זײַנע זיכרױנעס „עירתי מוטילי" אינ „רשומות", ב. II, ז. 69—70. דאָס זײַנענ געװענ די שטענדיקע פּראָפעסיאָנאַלע קלעזמער. אַפּ כאַסענעס פלעגנ זײ צודינגענ נאָר א פױקער. באַס פירנ באַסנקאַלע צו דער בופע פלעגט דער באַדכנ גײנ פאַר די קלעזמער און קלאַפּנ אינ מעשענע טאַצנ.

[3] Евреи Юго-западного края. Труды экспедиции в Юго-зап. край, т. VII, вып. I, ч. I.

(60 יאָר אלט) פונ מאקאראָוו (קיִעווער גובגמ). וועגנ זײַנ זיידנ, אז ער איז געווענ א צימבלער, און די קאפעליע זײַנע איז באשטאנענ פונ א פידל, א קלארנעט און א צימבל. קיינער פונ די איבעריקע קלעזמער געדענקט ניט קיינ צימבלער אינ ייִדישע קאפעליעס אינ אוקראַינע.

בעערעכ וועגנ אזא באשטאנד — אָבער אָנ צימבל, נאָר מיט א באס (ווּאָלאָנמשעל) ביז די 70=ער יאָרנ פאָריקנ יה. האָבנ מיר מיטגעטיילט נאָכ אנדערע קלעזמער.

אינ דער זעלבער צײַט (70=קער יאָרנ) טרעפנ מיר אינ גרעסערע שטעט (בארדיטשעוו, זשיטאָמיר אאַ.) ייִדישע קאפעליעס, וואָס באשטייענ פונ זיבנ ביז צוועלפ און אפילע ביז 15 קלעזמער.

לויט די אינסטרומענטנ איז דער באשטאנד פונ א גרעסערער קאפעליע (און פונעמ פערטנ פערטל XIX יה. אויכ די קלענערע קאפעליעס) געווײַנלעכ געווענ אזא: ערשטע פידל, צווייטע פידל[1], אלט — זעלטענער (אָפטער—צוויי סעקונדעס), ווּאָלאָנמשעל אָדער קאָנטראבאס, קלארנעט (אלעמאָל C), פלייט, קאָרנעט, טראָמבאָנ (אמאָל אָנשטאָט טראָמבאָנ — באס) און טערקישע פויק מיט טאצנ. צומ סאָפ XIX יה. איז אינ די קלעזמער=קאפעליעס אײַנגעפירט געוואָרנ נאָכ א ווערבל. אינ גרעסערע קאפעליעס פלעגט פארגרעסערט ווערנ די צאָל פידלענ, ס'פלעגנ שפּילנ צוויי קלארנעטנ און ס'פלעגט שפּילנ אי א ווּאָלאָנמשעל אי א קאָנטראבאס. קיינע אנדערע אינסטרומענטנ פלעגנ ניט זײַנ.

ווי מיר זעענ, איז דער באשטאנד פונ די ייִדישע קאפעליעס באדײַטנד פארגרעסערט געוואָרנ ערשט פונ דער צווייטער העלפט XIX יה. אינ די פריִערדיקע צײַטנ האָט אזוינס ניט געקאָנט פאָרקומענ. די צאָל קלעזמער איז געווענ שטרענג באשטימט פונ די קעהילעס. אָבער אויכ דאָס באגרענעצנ די צאָל קלעזמער אינ דער קאפעליע איז ניט קיינ ספּעציפיש=ייִדישע דערשײַנונג; אזוי איז דאָס געווענ בײַ דער גאנצער שטאָטישער באפעלקערונג פונ אייראָפּע[2].

## 3. די אויסבילדונג פונעמ קלעזמער

וועגנ דעמ, וויאזוי די קלעזמער פונ די עלטערע צײַטנ (ביז דעמ XIX יה.) האָבנ זיכ געלערנט שפּילנ, האָבנ מיר לעסאמע קיינע ייִדיִעס ניט. די ערשטע ייִדיִעס צו דער פראגע האָבנ מיר וועגנ די דרײַסיקער יאָרנ פונעמ XIX יה., אי דאָס ניט דירעקט וועגנ קלעזמער. אינ זײַנע „Записки еврея“ (ז. 27—28) דערציילט ג. באָגראָוו, וויאזוי ער האָט זיכ געלערנט שפּילנ פידל בײַ לייוויק דעמ קלעזמער (פּאָלטאווע, דרײַסיקער יאָרנ): „איכ האָב סיסטעמאטיש גענומענ לעקציעס און האָב זיכ געניִבט עטלעכע שאָ נאָכאנאנד. קיינ לערנ=מעטאָדע האָט דער

[1] קלעזמער פלעגנ זאָגנ: סעקונדע; דעמ, וואָס האָט געשפּילט די צווייטע פידל, פלעגט מענ רופנ סעקונדירער.

[2] М. Мозер—Музыка средневекового города. стр. 27—28

אײנגעטימער פונ דער שװארצער פידל[1] ניט געהאט, נאָכ דער אײנציקער צע־דור־גאמע האָב איכ גלײכ אָנגעהױבנ שפּילנ לידער און גרינגע פּיעסעס. קײנ נאָטנ זײנענ ניט נײטיק געװענ. נאָטנ זײנענ געװענ טארגעם־לאָשנ פאר דעם מאעסטראָ אלײנ און פאר זײנ מיטהעלפער (פונ דער קאפעלע). מיכ האָט מענ געלערנט אָנשוילעכ, דירעקט פונ די פינגער. פונדעסטװעגנ האָב איכ געמאכט גיכע דערפאָלגנ, און רעב לײװיק האָט שטאָלצירט מיט מיר, װי מיט א לעבעדיקנ באװײז פאר דער גענויאלקײט פונ זײנ מעטאָד. איכ אלײנ בינ אױכ געװענ צופרידנ מיט מײנע דערפאָלגנ אינ מוזיק און האָב מיט פרײד אָפּגעגעבנ (לײװיקנ) דעם לעצטנ גראָשנ"...
(ז. 27—28).

באָגראָװ איז קײנ פּראָפעסיאָנעלער קלעזמער ניט געװאָרנ. ער האָט געשטאמט פונ אזא פאמיליע, װאָס האָט געהאלטנ קלעזמעריי פאר א ביז גאָר נידעריקער פּראָפעסיע. באָגראָװ האָט זיכ געלערנט שפּילנ בעסאָד פונ זײנע עלטערנ. אָבער לײװיק דעם קלעזמערס מעטאָד איז געװענ דער טיפּישער פאר יענער צײט. אזױ, אשטײגער, האָבנ דער אױבנ דערמאָנטער צימבלער װירטואָז מיכאָעל־יױסעפ גוזיקאָװ און אױכ זײנ טאַלמיד יאנקל עבנ פונ װילנע, אױכ א באַרימטער צימבלער, קײנ נאָטנ ניט געקענט און זײער רעפּערטואַר האָבנ זײ איבערגענומענ און געשפּילט לױטנ געהער. אױכ אנדערע קלעזמער, װעלכע װערנ דערמאָנט אינ פארשײדענע מעמואַרנ, אשטײגער, דער פידלער שעפּסל פונ קאָברינ און אנדערע — אױכ זײ האָבנ געשפּילט לױטנ געהער און קײנ נאָטנ ניט געקענט. מע דארפ רעכענענ, אז די איבערגעסטע מערהײט קלעזמער ביז דעם XIX און ערשטער העלפט XIX יה. האָבנ זיכ אױסגעבילדעט אױפ אזא אױפנ און געשפּילט דעריקער לױט דער טראַדיציע, װאָס איז איבערגעגאנגענ פונ זײדנ צום פאָטער, פונ פאָטער צום זונ.

פארשטײט זיכ, דאָס, װאָס די קלעזמער האָבנ קײנ נאָטנ ניט געקענט, האָט שטארק באגרענעצט זײער רעפּערטואַר, מאכמעס יעדע נײַע זאכ האָט מענ געמוזט איבערנעמענ אױסשליסלעכ לױטנ געהער. און דאָכ האָבנ די קלעזמער איבערגענומענ און ארײַנגענומענ אינ זײער רעפּערטואַר א סאכ נײַע זאכנ פונ די פאר־

[1] לײװיק דער קלעזמער האָט געשפּילט אױפ א שװארצער פידל. װענ באָגראָװ איז אלס קינד דאָס ערשטע מאָל ארײַנגעקומענ צו אים און לײװיק האָט גענומענ שפּילנ אױפ אָט דער פידל, האָט ער אים דערצײלט, אז דאָס איז די פידל פונ פאגיני (פּאגאניני) אלײנ. „פאגיני, — דערצײלט אים לײװיק, — איז געװענ דער קײסער פונ די פידלערס. פידל שפּילנ האָט ער זיכ אױסגעלערנט מיט דער הילפ פונעמ טײַװל, װעמענ ער האָט פארקױפט זײַנ נשאָמע, װענ ער איז געזעסנ אינ טורמע דערפאר, װאָס ער האָט געהארגעט זײַנ װײַב... פונ דער דאָזיקער גרוב האָט מענ אים באפרײַט ערשט דעמלט, װענ דער פראנצױזישער קײסער איז אײנמאָל פארבײַגעגאנגענ דער גרוב, װוּ פאגיני איז געזעסנ, און האָט דערהערט פונ דאָרט אזעלכע װוּנדערלעכע קלאנגענ, װאָס, זינט ער לעבט, האָט ער אזעלכס ניט געהערט. פאגיני האָט מענ באפרײַט, מע האָט אים געגעבנ א סאכ געלט און קאָװעד, נאָר דערפאר זשע האָט ער געשפּילט! עס פּלאצט בא אים א סטרונע — ער שפּילט, עס פּלאצט א צװײטע — ער שפּילט נאָכ בעסער..."

אינ שאָלעמ־אלײכעמס „אפנ פידל" דערצײלט דער קלעזמער נאפטאָלצע בעזבאָראָדקע קימאט די זעלבע לעגענדע װעגנ פאגאניני. ס'איז קײנ ספק ניט, אז שאָלעמ־אלײכעמ, װעלכער איז געװיס געװענ באקאנט מיט באָגראָװס בוכ, װאָס איז אינ יענע יאָרנ געװענ גאנצ פּאָפּולער, האָט אױסגענוצט לײװיק דעם קלעזמערס מײַסע פאר זײַנ דערצײלונג.

שיידנסטע קוואלנ (פונ ניט־ייִדישע מוזיקער, פונ מיליטערישע אונ אנדערע אָרקעס־טערס, ניט־ייִדישע פאָלקס־ אונ סאלאָנ־טענצ אדג.)[1].

אָבער שוינ אינ XIX יה. הייבנ זיכ אָנ צו באווײַזנ קלעזמער, וואָס באהערשנ מער אָדער ווייניקער די נאָטנ־שריפט. אזוי האָבנ מיר יעדיעס, אז סטעמפעניומ פאָטער, שאָלעמ דרוקער (1798—1876) האָט שוינ געקענט א ביסל נאָטנ. זײַנ זונ, יאָסעלע דרוקער (דער בארימטער סטעמפעניו, 1822—1870) האָט שוינ בא א פיר באדאָשימ סיסטעמאטיש געלערנט זיכ בא א קיעווער פידלער.

דער קאָנטראבאסיסט מוישע־דאָוויד נאָטענ (אלט 67 יאָר) האָט מיר מיטגע־טיילט, אז קינדווײַז האָט ער בא זיי אינ שטוב געפונענ א האנט־געשריבענעמ נאָטנ־בוכ, וואָס דער זיידע זײַנער, דער פידלער יעשוע־הערש נאָטענ (1801—1871) האָט אהינ ארײַנגעשריבנ זײַנע אייגענע קאָמפּאָזיציעס אונ אנדערע ווערק פונ זײַנ רעפּערטואר.

יעשוע־הערשס זונ, נאָכעמ נאָטענ (נאָכעמ דער קלעזמער — 1905—1939 — האָט אלע יאָרנ געוווינט אינ בערשאד) האָט שוינ געהאט א קאפעלע. פונ אכט מענטשנ אונ פלעגט סיסטעמאטיש (דורכ די באלעגאָלעס) אויסשרײַבנ נאָטנ פונ די אומאניער קלעזמער. ער פלעגט באקומענ אמאָל אויכ סטעמפעניומ ווערק. כוצ ייִדישע ווערק פלעגט ער אויסשרײַבנ אויכ ניט־ייִדישע מוזיקאלישע שטיק, וואָס זיי פלעגנ שפּילנ בא פּריצימ.

צו דער צווייטער העלפט XIX יה. קומט אופ אינ אוקראינע א גאנצע פלעיאדע קלעזמער, וואָס האָבנ געשעצט אלס גוטע שפּילער, אונ אייניקע פונ זיי זײַ־נענ אויכ באוווּסט געוואָרנ אלס שעפער פונ א גאנצער רײַ ווערק. דאָס זײַנענ יאָסל דרוקער (סטעמפעניו), ארנ־מוישע כאָלאָדענקאָ (פעדאָצור, 1828—1902 בארדיטשעוו), כאַימ־מייער געגנער (בעלאָצערקווע), אלטער גויזמאנ (אלטער משודגאָווער 1846—1912), אווראָמ־ינצכאָק (מיצי) בערעזאָווסקי (סמילע, 1844—1888), ייִסראָעל־מוישע ראָבינאָוויטש (ייִסראָעל־מוישע ראָזשעווער — אינ פאסטאָוו 1807—1900), גונע אונ ראכמיִעל ווײַנשטיינ (ראדאָמיסל), וואָלפ משערניאווסקי (סטעמפעניומ אנ איידעמ, דער אָנפירער פונ זײַנ קאפעלע נאָכ זײַנ טויט — באר־דיטשעוו, 1841—1930) אונ א סאכ אנדערע.

כאָמעש ניט אלע פונ זיי האָבנ באקומענ א סיסטעמאטישע בילדונג, דאָכ האָבנ זיי שוינ פרײַ געשפּילט פונ נאָטנ. א סאכ פונ זיי האָבנ אויסער טראדיציאָנעלע ייִדישע שטיק געהאט אינ זייער רעפּערטואר א גאנצע רײַ ווערק פונ דעמ אייראָ־פּייִשנ פידל־רעפּערטואר. צומ סאָפ XIX יה. זײַנענ גאָר א סאכ פונ די בעסע־רע ייִדישע קלעזמער אָנגעקומענ אינ די אָפּערנ־ אונ סימפאָנישע אָרקעסטערס אונ אינ פארשיידענע קלענערע אָרקעסטערס אונ אנסאמבלענ.

---

[1] באָגראָוו, אשטייגער, דערציילט וועגנ זײַנ רעפּערטואר אזוי: אינ א קורצער צײַט ארומ נאָכ דעמ, ווי ער האָט זיכ אָנגעהויבנ לערנענ שפּילנ, האָט מענ אימ געשיקט בא־ווײַזנ זײַנ קונסט פאר דער פאמיליע פונעמ אָרטיקנ „אָטקופּשטשיק“. ער האָט דאָרט גע־שפּילט אָגינסקיס פּאָלאָנעז (מיכאַיִל אָגינסקי — א פּוילישער קאָמפּאָזיטאָר, 1765—1833), א מאזורקע אינ מינאָרנ טאָנ אונ א וואלס מיטנ נאָמענ „Смех и слезы“ (דאָרטנ, ז. 42—43).

אגעוו: אָגינסקיס פּאָלאָנעז איז פארבליבנ אינעמ קלעזמער־רעפּערטואר קימאַט ביז אונ־דזערע טעג. ער פלעגט געשפּילט ווערנ אפּ כאסענעס צומ „קאָשער־טאנצ“.

## 4. א טיפּ קלעזמער פונעם לעצטנ פערטל XIX יאָרהונדערט

א טיפּיש געשטאַלט פונ א ייִדישנ מאַסנ־קלעזמער אינעם לעצטנ פערטל XIX יה. באַקומענ מיר פונ די מאַטעריאַלנ, וואָס סע האָט מיר צוגעשיקט דער קלעזמער אווראָם־יעשיִע מאַקאַגאָנאָווצקי אַלס ענטפער אַפ דער אַנקעטע אינ מײַנ בראָשור „ייִדישע אינסטרומענטאַלע פאָלקס־מוזיק".

א. מאַקאַגאָנאָווצקי איז אַלט 66 יאָר (געבוירנ אינ 1872), וווינט אַלע יאָרנ אינעם שטעטל קאַהאַנאָוויטש (געוועזענע באַבגע). „מײַנ פאָטער, — שרײַבט דער באַוווּסטער מאַקאַגאָנאָווצקי, — איז געווענ א קלעזמער, א פידלער. ער האָט געלערנט אינ דער ליטע, אינ בראַהינ, בײַ קלעזמער, דערנאָכ באַזעצט געהאַט אינ באַבגע אונ זיכ צוגעלערנט בײַם היגנ אָרגאַניסט נאָטנ [1] אונ צונויפגענומענ עטלעכע מענטשנ אונ זיי אויסגעלערנט שפּילנ, אונ פונ זיי געשאַפנ די „באַבגער קאָמפּאַניע" (אינ יאָר 1858) [2]. מײַנ פאָטער האָט מענ גערופנ ייִסראָעל דער פידלער. ער איז געווענ ניט נאָר א פידלער, ער איז געווענ א זייגערמײַסטער, א שערער, א גלעזער אונ א קאַפּצנ אויכ. פונדעסטוועגנ פלעגט ער געמענ אָרעמע קינדער אונ האַלטנ בײַ זיכ אונ זיי לערנענ שפּילנ" [3].

---

[1] אינ דעם אויבנ דערמאָנטנ ווערק „שירי אסף אָדער די קלײַנשטעטלדיקע כאַסענע" פונעם באַדכנ פידלמאַנ באַגעגענענ מיר אַזאַ שטעל:

„נאָכ האָט אים (דעם פידלער — מ. ב.) א זאַב געראָטנ,
די פריצטע פונ שטעטל האָט אים אויסגעלערנט א ביסל נאָטנ.
וואָרעם בײַ איר איז פאַראַנ
אײַנ אַלטער פאָרטעפּיאַנ,
האָט זי אים געוויזנ א אונ בע אונ צים, —
קענ ער שוינ קאָנצערט געווינ".

[2] א סאַכ קלעזמער, פונ וועלכע איכ האָב געזאַמלט ידיעות, האָבנ אָנגעגעבנ, אַז זייערע עלטערנ אָדער זיידעס זײַנענ אַריבערגעפאָרנ קיינ אוקראַיִנע פונ ליטע אונ ווײַסרוסלאַנד. דאָס איז, ווײַזט אויס, געווענ אַנ אָפּטע דערשײַנונג. צוזאַמענ מיט דעם איבערוואַנדער־שטראָם, וואָס איז געגאַנגענ פונ יענע געגנטנ קיינ אוקראַיִנע, זײַנענ אויכ מיטגעפאָרנ קלעזמער.

[3] אויכ אינעם ווערק „שירי אסף אָדער די קלײַנשטעטלדיקע כאַסענע" דערציילט דער פאַרפאַסער, דער באַדכנ פידלמאַנ, וועגנ די בײַפּראָפעסיעס פונ קלעזמער:

„לעבנ פונ אײנע קלעזמערײַ איז עפּעס אויכ ניט קיינ פּלאַנ,
וואָרעם ניט אַלעמאָל איז כאַסענעס פאַראַנ.
דער צימבלער איז אָפּט בײַ קאָהאָל א מעשאָרעס,
דער פײַקלער איז א שאַמעס אַפנ בייס־האַקוואָרעס.
הײַנט פאַסט נאָכ צו הײַנ שפּיציק בערדל,
אַז ער זאָל האָבנ אַנ אייגענעמ פערדל.
דער פידלער, פונ וועגנ אַנ איכ געדענק,
האַלט אַלעמאָל א שענק..."

אויכ ניט־ייִדישע מוזיקער פונ דעם גראַד האָבנ געהאַט פאַרשיידענע בײַפּראָפעסיעס. זע M. Мозер — Музыка средневекового города. Ленинград, 1927 стр. 56

אווראָמ-יעשיִע אליינ האָט זיכ אָנגעהויבנ לערנענ שפּילנ פּידל פונ זיבנ יאָר אָנ באַמ פאָטער. אונ גלייכ צו זיבנ יאָר האָט ער שוינ אינ דעמ פאָטערס קאַפּעלע געשפּילט אַפנ פּייקל (בובנ). צו אכט יאָר האָט ער שוינ אָנגעהויבנ פאַרדינענ דרייסיק-פערציק קאָפּעקעס א כאַסענע. דערנאָכ האָט ער אָנגעהויבנ שפּילנ די צווייטע פּידל אונ באַקומענ פיר גילדנ (60 קאָפּעקעס) א כאַסענע. שפּעטער האָט אימ דער פאָטער אָפּגעגעבנ אַפ צוויי יאָר איִנעמ שטעטל מאַלינ צומ קלעזמער ארנ-מוישע סיראָטאָוויטש, — א פּידלער, וואָס האָט, ווי מאַקאָנאָוועצקי שרייבט, — „געקענט שפּילנ בעסער פונ מיינ פאָטער". סיראָטאָוויטש, וועלכער האָט, אגעוו, אויכ געהאַט נאָכ א צווייטע פּאַרנאָסע, — ער איז געווענ א גלעזער, — האָט אימ געזאָלט לערנענ אונ „געבנ עסנ". נאָכ די צוויי יאָר האָט מאַקאָנאָוועצקיס פאָטער געדאַרפט באַצאָלנ סיראָטאָוויטשנ פופציק רובל. „איכ, — שרייבט מאַקאָנאָוועצקי וועגנ דער דאָזיקער צייט, — האָב אימ פאַרדינט געלט, שפּילנדיק אינ אָרקעסטער. ער האָט מיכ אויסגעלערנט מענצ, בינ איכ געוואָרנ א צווייטער פּידלער. נאָר נאָטנ, „שקאַלעס", געדרוקטע — ניט געלערנט, אונ עסנ אויכ ניט באַקומענ. איכ האָב געהונגערט. אונ שפּילנ אינ שטוב האָט ער ניט געלאָזט. אונ ווענ א זיידיקער שפּילער פונ די באַלעבאַטישע (הה. ניט קיינ קלעזמער, נאָר א ליבהאָבער — מ. ב.) האָט מיר געוויזנ עפּעס א שטיקעלע פונ „שקאַלע", געדרוקטע נאָטנ, האָב איכ זיכ געמוזט אויסבאַהאַלטנ אינ אנ אַלטער קאַמער. איכ האָב געמאַכט דאָרט לעכער אינ די פוילע ווענט, עס זאָל שיינענ, קעדיי מע זאָל קאָנענ זענ די נאָטנ... אַזוי האָב איכ זיכ געמוטשעט אונ געהונגערט א יאָר מיט פינפ כאָדאָשימ". מער האָט ער ניט געקאָנט אויסהאַלטנ אונ איז אַוועק פונ סיראָטאָוויטשנ אונ איז אַריבערגעפאָרנ קיינ ראַדאָמיסל. „דאָרט איז געווענ א גוטע קאָמפּאַניע מוזיקער. דער אָנפירער איז געווענ גונע ווייִנשטיינ, דעמ אַלטנ ראַכמיִעל דעמ בליִנדנס א זונ, אויכ א פּידלער א גוטער, אַמאָל געשפּילט א גרויסע ראָליע, אונ געשפּילט אַפ אַלע אינסטרומענטנ, אונ געלערנט אַפ אַלע אינסטרומענטנ". אינ ראַדאָמיסל איז מאַקאָנאָוועצקי אָפּגעווענ ביז 1893 יאָר. „אויכ דאָ, — שרייבט מאַקאָנאָוועצקי, — האָט מענ מיכ שטאַרק עקספּלואַטירט אונ אויכ ניט געלערנט. נאָר אַליינ האָב איכ זיכ געלערנט אַפ אַלע אינסטרומענטנ". פאַרדינט האָט ער אינ ראַדאָמיסל שוינ פערציק רובל א זמאַנ (א האַלב יאָר) מיט קעסט.

פונעמ יאָר 1893 וווינט כ' מאַקאָנאָוועצקי אינ כאַבנע ביזנ הייִנטיקנ טאָג. ער איז שפּעטער געוואָרנ דער אָנפירער פונ דער דאָרטיקער קאַפּעלע. קיינ צווייטע פּראָפעסיע האָט ער שוינ ניט געהאַט. ער האָט זיכ פאַרנומענ אויסשליסלעכ מיט קלעזמעריי. אָבער אַלע איבעריקע קלעזמער פונ דער קאַפּעלע האָבנ געמוזט האָבנ נאָכ עפּעס א פּאַרנאָסע. די קאָמפּאַניע איז באַשטאַנענ פונ זיבנ—צענ מענטשנ: „פונ צוויי פּידלענ, צוויי קלינעטערס, צוויי טרובאַטשנ, איינ טראָמבאָנ, איינ וויאָלאָנטשעל, איינ פלייט אונ א פּויקער, — געשפּילט מיטאַמאָל אַפ צוויי פּויקנ, ער איז געווענ דער צענטער".

די 90-ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט זיינענ שוינ געווענ אנ אַנדער צייט: מאַקאָנאָוועצקי וויל שוינ ניט אונ קאָנ זיכ שוינ ניט באַנוגענענ מיט דעמ ביז גאָר קליינעמ מינימומ מוזיקאַלישער בילדונג, וואָס ער האָט באַקומענ פונעמ פאָטער אונ

פון אנדערע קלעזמער. ער שטרעבט שוין צו א מער סיסטעמאטישער מוזיקאלישער בילדונג. אָט די בילדונג, אגעוו אויך א גאנץ קנאפע, מאכט ער דורך ווי אן אווטאָדידאקט. ער האָט דורכגעשטודירט, ווי ער שרייבט, „אלע דריי טשאסטן בערנא און א „שקאָלע" א פוילישע געדזעלסקעס, האָט געקויפט געדרוקטע קאָנצערטן, דועטן און עטיודן, אלע גוטע, שווערע". און אָט אזוי האָט ער זיך אויסגעלערנט שפילן אף „אלע" אינסטרומענטן (ער מיינט דאָ די אינסטרומענטן, וואָס פלעגן באנוצט ווערן אין א קלעזמער-קאפעלע). אין דער קאָמפאניע איז ער געווען דער ערשטער פידלער און דער אָנפירער פון דער קאפעלע. די נאָטן, וואָס זיי פלעגן אויסשרייבן פון אנדערע שטעט, פון מאקאראָוו, פון ראדאָמיסל, אפילו פון בעלאָצערקווע, פלעגט ער צעשרייבן אף אלע אינסטרומענטן.

אין כאבנע, ווי אין אלע יידישע שטעטלעך, האָט זיך דער באלעבאטישער עולם צו דער קלעזמערישער פראָפעסיע באצויגן מיט ביטל און פאראכטונג. „די קלעזמערן, — שרייבט מאקאָנאָוועצקי, — איז געשטאנען אין די קליינע שטעטלעך זייער נידעריק באם עולם. קיין אנדער נאָמען ווי „קלעזמערוקע", אָדער „קלעזמעריוקע", האָט דער קלעזמער באם באלעבאטישן עולם ניט געהאט". אָבער אונדזער קאָרעספאָנדענט אליין שרייבט, פארקערט, אלעמאָל אונטער, אז זיין פראָפעסיע איז די שענסטע. א מענטש, וואָס האָט ניט קיין געפיל צו מוזיק, איז גאָר קיין מענטש ניט, לויט זיין מיינונג.

די כאבנער קאָמפאניע האָט באדינט ניט נאָר כאבנע גופא, נאָר אלע קלענערע שטעטלעך אין דער אומגעגנט אף א ראדיוס אין ערעך פון 30—40 קילאָמעטער, וווּ עס זיינען קיין אייגענע קאפעלעס ניט געווען. שפילן פלעגט מען ניט נאָר אף יידישע כאסענעס, נאָר אויך בא די אוקראאינישע פויערים אף כאסענעס, בא די ארומיקע דייטשישע, טשעכישע, פוילישע פויערים און בא די פוילישע פריצים. דערביי פלעגט מען בא די פויערים שפילן אָפט די זעלבע זאכן, וואָס בא יידן. נאָר בא די פריצים האָט מען געשפילט אויסשליסלעך אלגעמיינע טענץ.

ס'איז אינטערעסאנט דאָ צו פארצייכענען אזא זאך. כ' מאקאָנאָוועצקי שרייבט, אז „אלע ניט-יידישע צוהערער פלעגן אָנעמען די יידישע מוזיק (וואָס די קלעזמער פלעגן בא זיי שפילן) מיט גרויס ערע, כוץ די פריצים פאָליאקן, וועלכע פלעגן אָפלאכן און שפעטן. די פריצים פלעגן הייסן שפילן יידישע זאכן נאָר אפצולאָכעס, לעמאָשל מאיאָפעס, א יידיש טענצעלע יאא. זיי פלעגן אָנטאָן פייעס מיט גארטלען, פארקאשערן די הויזן און לאכן פון יידן". דער פאָטער זיינער, יזראָעל דער פידלער, פלעגט נאָך שפילן פאר די פריצים „יידישע ניגונימלעך", אָבער ער אליין האָט שוין קיינמאָל אזוינס ניט געשפילט.

מאקאָנאָוועצקי באשרייבט (אין זיינע ענטפערס צו מיר, וואָס פארנעמען עטלעכע און פופציק ענג-באשריבענע זייטן) די סיסטעם פון צעצאָלן זיך אין דער קאפעלע. „יעדער קלעזמער האָט גענומען נאָך זיין ווירדע נאָך — פראָצענטן פון דעם רובל. דער ערשטער פידלער פלעגט נעמען מערער פון איטלעכן, און דער לעצטער איז געווען דער פויקער. נאָר ניט אין אלע שטעט איז געווען גלייך. צב., אין פאָלעסיע (כאבנע ליגט טאקע אין פאָלעסיע) האָט מען זיך געטיילט אף קאָפעקעס. לעמאָשל: ערשטער פידלער 22 מיט א האלבער קאָפעקע, צווייטער פיד-

לער — 15 קאפעקעס, קלינעמער האט גענומענ 17 קאפעקעס, אונ אזוי ביז דעמ באראבאנשטשיק, וואס האט גענומענ 7 מיט א האלבער קאפעקע, דה. א האלבנ ביילעק, וויל 15 קאפעקעס האט געהייסנ א גאנצער ביילעק. אונ ווייטער, אוקראינע, האט זיכ געטיילט אזוי: דער ערשטער פידלער—1,50, דער צווייטער—1,20 אונ דער פויקער האט גענומענ 50 אדער 75 קאפ.".

פונ דעמ דאזיקנ בעזשבנ, ווו 15 קאפעקעס איז שוינ געווענ א גאנצער ביילעק, קאנ מענ פארשטיינ, ווי גרויס די פארדינסטנ פונעמ קלעזמער זיינענ געווענ [1].

כאבנע אונ אויכ די ארומיקע שטעטלעכ זיינענ געווענ ארעמע, „קיינ גרויסע נגידים איז בא אונדז נית געווענ", קיינ רייכע כאסענעס פלעגנ נית זיינ, אונ געשפילט האט די קאפעליע קימאט שטענדיק אינ פולנ באשטאנד. ווייניקער פונ פינפ מאנ פלעגט קיינמאל נית שפילנ, — דערציילט כ' מאקאגאנאוועצקי, אונ דאס שפילנ בא דער ארומיקער נית-יידישער באפעלקערונג האט אפאנעמ אויכ נית געגעבנ קיינ גרויסע גליקנ (די קאפעליע האט אפילע נית בעיאד געהאט אויסצוהאלטנ א באזונדערנ באדכנ, אונ אלס אזוינער פלעגט ארויסטרעטנ איינער פונ די קלעזמער פונ דער קאפעליע). געשפילט האבנ זיי דעמ געוויינלעכנ רעפערטואר, וואס אלע יידישע קלעזמער-קאפעלעס.

די קאנקורענצ צווישנ די קלעזמערשע קאפעלעס איז געווענ זייער גרויס, באזונדערס אינ די שטעט, ווו עס זיינענ געווענ צוויי אונ מערער קאמפאניעס. ביז גאר פארביטערט איז אנגעגאנגענ דער קאמפ פאר רייכע כאסענעס, ווו מע האט געקאנט מער פארדינענ. נית זעלטנ פלעגט א קאפעליע אנעמענ כאסענעס אינעמ ראיאנ פונ אנ אנדער קאמפאניע. אמאל פלעגנ ביידע שטרייטנדיקע קאמפאניעס זיכ אויסגלייכנ, אונ די ארטיקע פלעגט געבנ דער אנגעפארענער קאמפאניע אפ-טרעט-געלט. נית זעלטנ אבער פלעגט דער שטרייט בא זיי דערגייע ביז נעשלעג.

ס'איז קעדיי אפצומערקנ די באציונגענ צווישנ די קלעזמער אינ דער קאמפאניע גופע. ווענ איינער פונ דער קלעזמער-קאפעליע פלעגט שלאפ ווערנ, אדער האט צוליב אנדערע וויכטיקע סיבעס א צייט נית געקאנט שפילנ — דאנ פלעגט די קאמפאניע אימ אויסצאלנ זיינ ביילעק, וואס אימ נעמט זיכ אפ פונ אלע פארדינסטנ. ווענ א קלעזמער האט שוינ מער נית געקאנט שפילנ אפ זיינ אינסטרומענט

[1] בא דער קאלעס עלטערנ, וואס פלעגנ געוויינלעכ איינארדענענ די כאסענע, פלעגנ די קלעזמער געוויינלעכ באקומענ פארנ שפילנ א קליינע סומע. דער איקער-האכנאסע איז באשטאנענ פונעמ געצאלטס, וואס זיי האבנ באקומענ פונ די מעכוטאנים אונ געסט פאר מענצ, זיוואטנ, דאבראנאטשעס אדג. פריער, איידער מע האט אנגעהויבנ יעדנ טאנצ, פלעגנ די אנטיילנעמער אייבצאלנ דאס געלט פארנ טאנצ איינעמ פונ די קלעזמער (געוויינלעכ דעמ פידלער). דער דאזיקער קלעזמער פלעגט דאס געלט ארייבלייגנ אינ א פידל-פוטליאר, אינ א ספעציעלער פושקע אדג. נאכ דער כאסענע פלעגנ צוויי קלעזמער איבערציילנ די גאנצע סומע אונ זיכ צעטיילנ צווישנ דער קאמפאניע לויט די באשטימטע כאלאקים.

אינ זיינ ארטיקל „Старинные евр. свадебн. обычаи" גיט לעוואנדא אנ אזעלכע פרייזנ: באלקע — 5 קאפעקעס, וואלס — 5 קאפעקעס, מאזורקע — 10 קאפעקעס, קאדריל — 20 קאפעקעס, לאנסיע — 25 קאפעקעס (דארטנ, ז. 119). באציט זיכ צו די זיבעציקער יארנ פונ פאריקנ יה.

(מאכמעס אלמקעמ אָדער אנ אנדערער סיבע), האָט ער באקומענ זײַנ גאנצנ ביי=
לעק, ווענ ער האָט ניט געהאט קיינ אנדערע פראָפעסיע; ווענ ער האָט אָבער גע=
קאָנט פונ עפּעס אנדערש פארדינענ, דעמלט פלעגט ער באקומענ נאָר א האלבנ
ביילעק. ווענ א קלעזמער איז געשטאָרבנ, האָט זײַנ אלמאָנע ביזנ טויט באקומענ א
גאנצנ ביילעק, — אויב זי איז אלט געווענ אונ האָט ניט געהאט קיינ קינדער.
אויב אָבער יאָ, — בלויז א האלבנ ביילעק. אפ דעמ פלעגנ זייער שמרענג אכטונג
געבנ אלע קלעזמער. אינ פאל פונ א קאָנפליקט פלעגנ זיכ צונויפאָרנ די קלעזמער
פונ די ארומיקע שמעטלעכ אונ אויסגלײַכנ דעמ איניענ. קלעזמער האָבנ זיכ זייער
באמיט, אז א קלעזמער אָדער א קלעזמערשע מישפּאָכע זאָל ניט דארפנ אָנקו=
מענ צו פרעמדער הילפ.

כוצ דער ארבעט אינ דער קאפעלע האָט זיכ אונדזער קלעזמער אויכ פארנו=
מענ מיט געבנ לעקציעס אפ מוזיק. „געלערנט שפּילנ האָב איכ אפ אלע אינסטרו=
מענטנ, אכוצ פיאנינע. לערנענ פלעגנ זיכ באלעבאטישע קינדער, פריצישע אונ גוי=
רישע קינדער אונ אמאָל א קלעזמעריש ייִנגל”. דעריקער פלעגנ זיכ לערנענ די
שמעטלדיקע קינדער, אָבער אָפט אויכ ניט נאָר שמעטלדיקע. אָט דערציילט מאקאָ=
נאָוועצקי, ווי ער האָט געלערנט א ייִנגל שפּילנ אינ א דאָרפ, 35 ווערסט פונ כאב=
נע. אינ די כאדאָשימ, ווענ מע האָט קיינ באסענעס ניט געטאָרט שפּילנ (אינ די
א. ג. ספירע=טעג אדג.), פלעגט ער אָפּפאָרנ אינ די דערפער ווײַט פונעמ שמעטל
זוכנ פארנאָסע.

אינ זײַנע ענטפערס אפ דער אנקעטע שילדערט כ׳ מאקאָנאָוועצקי דעמ שטיי=
גער פונ די ייִדישע קלעזמער שוינ צומ סאמע סאָפ XIX אונ אָנהייב XX יה.
א סאכ מינהאָגימ אונ פירעכצנ פונ די אמאָליקע עלטערע קלעזמער האָט ער שוינ
ניט געטראָפנ אונ ווייסט פונ זיי נאָר פונ די דערציילונגענ פונ זײַנ פאָטער אונ
פונ אנדערע עלטערע קלעזמער. אזוי, אשטייגער, דערציילט ער, אז זײַנ פאָטער
פלעגט נאָכ אומ פורימ אומגיינ מיט די פורימשפּילער (ער רופט זיי די „אר=
טיסטנ”) אונ צושפּילנ אפנ פידל, בײַמ זיי האָבנ אופגעפירט זייערע שטיק. פונ אל=
טע קלעזמער האָט ער געהערט, אז אינ דער קאפעלע פלעגט אמאָל זײַנ א לעצ, א
קונצנמאכער, וואָס האָט פרייללעכ געמאכט דעמ עוילעמ אפ דער כאסענע. אָבער צו
זײַנ צײַט זײַנענ אפילע אינ אזא העק ווי כאבנע שוינ אָפּגעשטאָרבנ א סאכ אלטע
טראדיציעס, אונ די קלעזמער זײַנענ צו ביסלעכ געוואָרנ אלצ מער אונ מער נאָר
מוזיקאנטנ. אייניקע רעשטלעכ פונעמ אלטנ קלעזמערישנ שטייגער זײַנענ פונדעסט=
וועגנ אויכ אינ זײַנ קאפעלע געווענ. ווי מיר האָבנ שוינ דערציילט, האָט בא זיי די
פונקציע פונ א באדכנ אויסגעפילט איינער פונ די קלעזמער. אמאָל פלעגנ די קלעז=
מער (פארשטייט זיכ, ניט דער ערשטער פידלער, וואָס ער האָט אפילע ניט אלע=
מאָל מיטגעשפּילט אינ די טענצ אונ איז געווענ דער סאָליסט) זינגענ פארנ אוי=
לעמ א לידל. שפּעט באנאכט, ווענ די קלעזמער זײַנענ שוינ געווענ מיד, האָבנ זיי
גענומענ זינגענ אונ שפּילנ די ליד „עס טאָגט שוינ”.

אָט אזוי האָט געלעבט אנ אלטער ייִדישער קלעזמער. ער אליינ, ניט געקוקט
אפ אלע זײַנע באמיִונגענ אונ שטרעבונגענ צו העכערער מוזיקאלישער קולטור, איז
געבליבנ א טיפּישער טראדיציאָנעלער קלעזמער. אָבער זײַנע קינדער אונ, באזונ=

דערס, די אייניקלעכ, וואָס זײַנענ שוינ אויסגעוואקסנ אינ דער סאָוועטישער עפּאָכע, לערנענ זיכ אינ די סאָוועטישע מוזיק־שולנ אונ קאָנסערוואטאָריעס אונ האָבנ אלע מעגלעכקײַטנ צו פאראייניקנ די שענסטע מוזיקאלישע פאָלקס־טראדיציעס מיט די העכסטע דערגרייכונגענ פונ דער מוזיקאלישער קולטור.

## 5. עטלעכע כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ דער קלעזמערישער מוזיק

צוערשט וועלנ מיר באטראכטנ די טענצ, וואָס מע פלעגט שפּילנ אפ יידישע כאסענעס.

וועגנ די אלגעמיינע אונ צווישנ א סאכ פעלקער פארשפּרייטע טענצ, וואָס מע פלעגט טאנצנ אויכ אפ יידישע כאסענעס, איז דאָ ניט שייכ באזונדערס צו ריידנ. ווי אלע שיכטנ פונ דעמ שטאָטישנ אונ שטעטלדיקנ שטאנד, האָבנ אויכ די יידנ אלעמאָל איבערגענומענ די פּאָפּולערע טענצ פונ זייער צײַט.

פונ *ספּעציפיש־יידישע* טענצ,[1] ד. ה. פונ אזוינע, וואָס פלעגנ געטאנצט ווערנ *בלויז* אפ יידישע כאסענעס, איז אלס אלגעמיינער, ניט־פיגורנ־טאנצ, דער פּאָפּולערסטער אונ פארשפּרייטסטער געווענ — דאָס „פריילעכס"; פונ פיגורנ־טאנצ — דער „שער". פונ אנדערע טענצ קאָנ מענ נאָכ אָנרופנ א „בייגעלע", א „בארויגעז־טאנצ", א „סעמעלע", א „שטאָק" אאא.

א פריילעכס דאָס איז אנ אלגעמיינער טאנצ פונ אנ אומבאגרענעצטער צאָל אָנטיילנעמער, וואָס האלטנ זיכ פאר די הענט (אָדער לייגנ ארופ איינער דעמ אנדערנ די הענט אפ די אקסלענ) אונ גייענ אינ א ראָד. מע האָט אָבער געקאָנט טאנצנ א פריילעכס אויכ סאָלאָ. דאָס פריילעכס האָט געהאט פארשיידענע נעמענ: האָפּקע, רעדל, קאראהאָד, דריידל, א קנעלעכיקס, א ריקודל אאא. דאָס פריילעכס האָט ניט קיינ באשטימטנ, פעסטנ טעמפּ. דער טעמפּ קאָנ דאָ זײַנ אָנהייבנדיק פונ מאָדעראטאָ (מעסיק־גיכ) אונ ביז פּרעסטאָ (זייער גיכ). אינ א ראָד טאנצט מענ, געוויינלעכ, אינ א גיכנ טעמפּ. ווענ אָבער עס האָבנ געטאנצט עטלעכע באזונדערע געסט, אונ באזונדערס עלטערע מענטשנ, פלעגט מענ שפּילנ פריילעכס אינ א לאנגזאמערנ טעמפּ. ס'איז קלאָר, אז די מעלאָדיק פונ פריילעכס אינ פארשיידענע טעמפּנ איז פונ פארשיידענעמ כאראקטער. א פריילעכס איז אלעמאָל אינ צוויי פערטל. די פעריאָדנ — אלעמאָל, אויסער גאָר זעלטענע אויסנאמענ, פונ 8 אָדער 16 טאקטנ. די סכעמע פונעמ פריילעכס איז ניט קיינ פעסטע. מיר באגעגענענ פריי־

---

[1] איכ דערמאָנ דאָ, אז דאָס איז אינ א סאכ פאלנ א רעלאטיווער באגריפ, עס קאָנ אָפטמאָל טרעפנ, אז א געוויסער טאנצ, וואָס איז געווענ לעכאטכילע פארשפּרייט בא א ריי פעלקער, האָט זיכ לענגער פארהאלטנ אָדער אײַנגעהיט בא איינ פאָלק אונ האָט דאָרט באקומענ געוויסע ספּעציפישע שטריכנ (באזונדערס אינעמ מוזיקאלישנ טייל), וואָס באגעגענ זיכ ניט שפּעטער אינעמ טאנצ־רעפּערטואר פונ אנדערע פעלקער. אזוינס איז, ווי עס ווײַזט אויס, פאָרגעקומענ מיט דעמ יידישנ טאנצ „שער", וועלכער איז לעכאטכילע פארשפּרייט געווענ בא די גערמאנישע פעלקער אונ פונוואנענ ער איז איבערגענומענ געוואָרנ דורכ די יידישע מאסנ. זע וועגנ דעמ מײַנ בראָשור „יידישע אינסטרומענטאלע פאָלקס־מוזיק", פארלאג פונ דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ אוססר. קיעוו, 1937. ז. 8—10.

לעבנ פונ צוויי, דריי, פיר אונ מער פאלנ (Колено) [1] זייער זעלטנ באגעגענענ מיר א פריילעכס, געבויט אינ א דריטייליקער פארמ. צומייסטנס באגעגענענ מיר פריילעכס פונ צוויי אדער דריי פאלנ — (דערביי האט אלס דריטער פאל אפטער פונ אלצ געדינט דער ערשטער) [2].

אינ א גאנצ היפשער צאל פריילעכס טרעפנ מיר א סכעמע, וואס באגעגנט זיכ גאר זעלטנ אינ דער מוזיקאלישער ליטעראטור. איכ האב דא אינ זינענ די סכעמע abcb פאר דער דאזיקער סכעמע איז טיפיש דאס, וואס דער דריטער פאל (c) איז אפטער פונ אלצ אינ אנ אנדער גוסט (אדער טאנ-ארט). דער סאפ פונ דריטנ פאל גרייט אלעמאל צו די מאדוליאציע צוריק אינ דעמ גרונט-גוסט (אינעמ פאל b). נאכ איינ שטריכ איז טיפיש פאר די פריילעכס אינ דער דאזיקער סכעמע. די ערשטע פיר טאקטנ פונ דעמ דריטנ פאל (c) באשטייענ צומייסטנס פונ איינ קלאנג (אפטער פונ אלצ — פונ דעמ גרונט-טאנ), וואס גייט לעכאטכילע צו צוויי פערטל (די ערשטע צוויי טאקטנ), אונ אינעמ דריטנ אונ פערטנ טאקט — צו איינציקע פערטל (זעלטענער אלס אכטלענ). אמאל קומט אנשטאט איינ קלאנג א געוויסער מאטיוו, וואס באשטייט פונעמ גרונט-טאנ (אינ די ערשטע צוויי טאקטנ ווערט אויסגעהאלטנ אנדערהאלבנ פערטל, אינ דריטנ אונ אינ פערטנ טאקט — צו אכטלענ) אונ פונ דער צווייטער אונ דריטער שטופע (ביידע צו זעכצנטלעכ). דער כאראקטער פונ אזא אנהייב איז אנ ארויסרופנדיקער, אזוי ווי ער וואלט געדארפט אויפמונטערנ די טאנצנדיקע. ווענ עס הייבט זיכ אנ דער דריטער פאל אינ דער דאזיקער סכעמע אנ אזא ארגומענט (ניט פונ איינ קלאנג אדער מאטיוו), דעמאלט איז די מעלאדיע פונ די ערשטע טאקטנ אומבאדינגט מעטריש צעצויגענער [3].

ווי געזאגט, באגעגענענ מיר די דאזיקע סכעמע גאר-גאר זעלטנ אינ דער מוזיקאלישער ליטעראטור. כ'האב ניט געהאט די געלעגנהייט ספעציעל אויסצופארשנ די דאזיקע דערשיינונג. פאר דעמ יידישנ מוזיק-פאלקלאר וואלט דאס זייער חיב-

[1] איכ באנוצ דא בעקיוונ דאס ווארט „פאל" אונ ניט „טייל". אינ פאלק פלעגט מענ באצייכענענ די ניגונימ לויט דער צאל פאלנ.

[2] מע דארפ באמערקנ, אז דער אונטערשייד צווישנ די סכעמעס פונ די אויבנ אנגעוויזענע פריילעכס (ab אונ aba, ד.ה. פונ צוויי אונ פונ דריי פאלנ) האט גיכער געקאנט זיינ א טעארעטישער, אונ אינ דער מוזיקאלישער פראקטיק פונ די קלעזמער האט דאס געהאט גאר א קליינעמ באדייט. באמ טאנצנ פלעגט יעדער באזונדער פריילעכס איבערגעכאזערט ווערנ אנ א שיר מאל. אונ יעדער באזונדערער פאל איז אויכ אלעמאל איבערגעכאזערט געווארנ צו צוויי מאל (אונ אמאל אויכ צו פיר מאל). בא אזא לאגע איז שווער געווענ צו באמערקנ, ווענ איז דער פאל דער אנהייב אונ ווענ דער סאפ. קעדיי די טאנצנדיקע זאלנ וויסנ, אז די קלעזמער ענדיקנ שוינ, פלעגנ זיי אלע טענצ ענדיקנ מיט אזא פארמול



אונ דעמ באטענע-געפילדער איז אזא קאנאניזירטע ענדע-פארמול ניוטיק געווענ.

[3] די דאזיקע סכעמע באגעגענענ מיר גאנצ אפט אויכ אינ וואקאלע ניגונימ פונ פארשיידענעמ כאראקטער, פונ לירישנ, דראמאטישנ, עפישנ, אונ אויכ אינ וואקאלע פריילעכס.

טיק געווענ. דאָס וואָלט אונדז געהאָלפנ צו דערגיינ, פונוואַנענ די דאָזיקע סכעמע שטאַמט, אונ, אגעוו, וואָלט דאָס אונדז אויכ געגעבנ פעסטערע אָנהאַלט=פונקטנ צו באַשטימענ די צײַט, ווענ האָט אינ ייִדישנ מוזיק=פאָלקלאָר אזא סכעמע געקאָנט אנטשטיינ אָדער אַרײַנדרינגענ.

לויט דער מוזיק איז זייער שווער צו באַשטימענ דעמ בילעק צווישנ א שער אונ א פריילעכס, וואָס גייט אינ א גיכנ טעמפ. אפ וויפל דער שער איז געווענ א קאָלעקטיווער פיגורנ=טאַנצ (אלעמאָל פיר פאָרלעכ), איז דער טעמפ פונ אלע שערנ געווענ אלעמאָל בערעכ איינ אונ דער זעלבער — Allegro אינ דער פראַקטיק פלעגנ די קלעזמער קיינמאָל ניט שפילנ דאָס זעלבע ווערק פאַר א פריילעכס אונ פאַר א שער (כאָטש פאַרנ טאַנצ וואָלט דאָס ניט געווענ קיינ שטערונג). יעדע קאַפעלע האָט געהאַט געוויסע עטלעכע מעלאָדיעס, וואָס זי פלעגט אלעמאָל שפילנ צומ שער=טאַנצ. זאַמלענדיק מאַטעריאַלנ פונ קלעזמער פונ פאַרשיידענע קאַנטנ אונ געגנטנ, האָבנ מיר ניט איינ מאָל באַקומענ וואַריאַנטנ פונ איינ אונ דעמ זעלבנ ווערק, וואָס אינ איינ אָרט איז דאָס געווענ אָנגענומענ אלס שער אונ אינ אנ אַנדער אָרט — אלס פריילעכס, אונ פאַרקערט.

אויב די איבעריקע טענצ פאַרמאָגנ ניט קיינ וויכטיקע באַזונדערקייטנ.

דער אלגעמײַנער כאַראַקטער פונ די ייִדישע טענצ (פריילעכסנ, שערנ אאַ.) איז א לעבעדיקער, מונטערער, אָפטמאָל אנ איבעררײַסנדיקער. ניט געקוקט דערויפ, וואָס אינ מאַזשאָרנ=גוסט איז בלויז בערעכ $^1/_5$ פונ אלע טענצ, אונ די איבעריקע $^4/_5$ זײַנענ אינ מינאָר אונ אינ אַנדערע גוסטנ (וועגנ די גוסטנ פונ דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער מוזיק וועל איכ ריידנ ווײַטער), — דאָכ אדאַנק דעמ גיכנ טעמפ אונ דער האַסטיקער עקספרעסיע, מיט וועלכער זיי ווערנ געוויינלעכ געשפילט, וועקנ זיי טאַנצ=לוסט, פרייד אונ מונטערקײַט. די מעלאָדיע, אינ פלוג א גאַנצ באַשיידענע, פאַרמאָגט דאָכ אופשווונג, דראַנג אונ פײַער. אינ טענצ, וואָס ווערנ געשפילט אינ א מעסיקנ טעמפ (באַזונדערע פריילעכסנ, דער „כאָסיד“ אאַ.), איז פאַראַנ היפש כיינ, שפילעוודיקײַט אונ אמאָל איראָניע אונ גראָטעסק (באַזונדערס אינ די מעלאָדיעס פונ דעמ „כאָסיד“). די איבערגרעסטע צאָל ייִדישע טענצ איז אינ צווייטייליקער מאָס (אלע אָנ אויסנאַמ פריילעכסנ, שערנ, כאָסיד אדג.); נאָר=נאָר א קליינע צאָל איז אינ א דרײַטייליקער מאָס.

דער פאַרנעמ (אַמביטוס) פונ די קלענערע ווערק איז מײַנסטנס אינ די גרענעצנ פונ אנ אָקטאַווע=דעצימע. דערבײַ ווערנ גאַנצ אָפט באַזונדערע פאַלנ געשפילט (אָדער איבערגעבאַזערט) מיט אנ אָקטאַווע העכער, פאַרברייטערנדיק אפ אזא אופנ דעמ אַמביטוס פונעמ ווערק אינגאַנצנ גענומענ.

אינ דער מעלאָדיק באַגעגענענ מיר זעלטנ שפרונגענ אפ ווײַטע אינטערוואַלנ — צומײַנסטנס וויקלט זי זיכ פאַנאַנדער שטופנווײַז. גאַנצ אָפט באַגעגענענ זיכ סעקווענצאַרטיקע גענג פונ א געוויסנ מאָטיוו, וואָס לאָזט זיכ אראָפ ביז צומ גרונטטאָנ. מעלאָדישע גענג אפ די קלאַנגענ פונעמ דרײַקלאַנג טרעפנ זיכ זעלטנ. אינ באַזונדערע גוסטנ האָבנ זיכ אויסגעבילדעט קאַנאָניזירטע מעלאָדישע פאָרמולעס=קאַדאַנסנ, וואָס ווערנ אָפטמאָל באַנוצט (אָבער נאָר אינ ווערק אינ דעמ געגעבענעמ גוסט).

די באוועגונג איז אומאָפּגעשטעלט אינ זעכצנטלעכ אונ אינ אכטלעכ (אינ א גיכערנ טעמפּ). אָפט טרעפנ זיכ סינקאָפּירטע ריטמענ.

ווערק צום הערנ. פריער פאַר אלצ דאַרפנ דאָ דערמאָנט ווערנ די מוזי־קאַלישע שטיק, מיט וועלכע מע פלעגט באַגעגענענ אָדער באַגריסנ די מעכוטאָנים אונ געסט (מאַזלטאָוו, דאָברינאָטש, דאָברידיענ). פאַר אָנגעזעענע מעכוטאָנים אונ געסט פלעגט מענ שפּילנ גרעסערע ווערק פונ א פייערלעכנ כאַראַקטער, פאַר די אי־בעריקע — קירצערע ווערק. נאָכ אזא ווערק איז אלעמאָל געשפּילט געוואָרנ א פריילעכס. ווידער האָבנ מיר א גאַנצע רײ מוזיקאַלישע שטיק, וואָס פלעגנ גע־שפּילט ווערנ בא קאַלע־באַזעצנ אונ צום טיש. ווײַטער גייט א גרופּע „גאַס־ניגו־נימ" — מוזיקאַלישע שטיק, וועלכע מע פלעגט שפּילנ אינ גאַס, באַגלייטנדיק די מע־כוטאָנים אונ געסט אַהיימ (באַנאַכט נאָכ דער כופּע־וועטשערע אונ באַטאָג נאָכ דעמ שלייער־וואַרעמעס).

צולעצט דאַרפ מענ אָנרופנ די גרופּע מוזיקאַלישע ווערק „זײַ־געזונט", וואָס מע פלעגט שפּילנ באַם אָפּפאָרנ פונ דעמ יונגנ פּאָרפאָלק, אָדער סטאַמ צום סאָפ פונ דער כאַסענע צערעמאָניע, באַם געזעגענענ זיכ.

מע דאַרפ וויסנ, אַז קיינ ספּעציעלע כאַסענע־לידער (אויסער דעמ באַדכנס גראַמ זאָגנ) זײַנענ אַפ יידישע כאַסענעס ניט געזונגענ געוואָרנ. אַמאָל פלעגט מענ אָבער צום טאַנצ אונטערזינגענ אײנע־צוויי סטראָפעס [1].

פאַרטאָג, נאָכ דער כופּע־וועטשערע, פלעגנ די קלעזמער אָנהייבנ שפּילנ א שטיק „עס טאָגט שוינ". דער פּויקער פלעגט דערבײַ זינגענ די ווערטער „עס טאָגט שוינ", דערמאָנענדיק די מעכוטאָנים אונ געסט, אַז ס'איז שפּעט אונ ס'איז צײַט גיינ שלאָפנ.

צום טיש פלעגט אַמאָל דער באַדכנ זינגענ פאַרשיידענע לידער מיטנ אַקאָמפּאַ־נימענט פונ דער קאַפּעליע. די לידער זײַנענ צומייסטנס געווענ פונ „מאָראַליזירנ־דיקנ" כאַראַקטער [2].

דער מוזיקאַלישער טייל פונ קאַלע באַזעצנ איז אינ גרונט באַשטאַנענ פונ צוויי

---

[1] אינ באַנד II פונ „יידישנ מוזיק־פאָלקלאָר" ברענגענ מיר אזא ליד „אוי, א שיינע קאַלע".

[2] אינ זײַנ אויטאָביאָגראַפיע דערציילט ע. צונזער (1836—1913) וועגנ זײַנע ערשטע אַרויסטרעטונגענ מיט זײַנע לידער אַפ כאַסענעס (ווײַזט אויס פאַר 1861 יאָר). „אינ אָנ־פאַנג, — שרײַבט צונזער, — האָט מיר מײַנ נײַער „געשעפט" זייער ווייניק אַרײַנגע־בראַכט, דאָס צוליב צוויי אורזאַכנ: ערשטנס, ווײַל נאָר אָרעמע מענטשנ פלעגנ מיכ אײַנ־לאַדנ אַפ א כאַסענע אונ איכ פלעג מוזנ גיינ פאַר א קליינער פּרײַז, אונ, צווייטנס, ווײַל צום פאַרטראָגנ מײַנע לידער האָב איכ געמוזט האָבנ די באַגלייטונג פונ מוזיק. די קלעז־מער, וואָס פלעגנ מיכ באַגלייטנ בא דעמ פאַרטראָג, פלעגנ בא מיר, אַרויסנעמענ פונ די קע־שענעס מײַנ גאַנצנ פאַרדינסט". שפּעטער, ווענ צונזער איז פּאָפּולער געוואָרנ מיט זײַנע לי־דער, האָט אימ שוינ דאָס ניט געאַרט (זע צונזערס ביאָגראַפיע, געשריבנ פונ אימ אַליינ, ניו־יאָרק, 1905).

אויכ אַנדערע באַדכאָנימ פלעגנ זינגענ מיט באַגלייטונג. זע, אַשטייגער, י. א. קאַצאַ־וויטש, „זעכציק יאָר לעבנ", ניו־יאָרק, 1919. ז. 66—81, אאַוו.

עלעמענטנ: פונ א מער אָדער ווייניקער פאנאנדערגעוויקלטער אינטראָדוקציע אונ דעפרענ פונ פידל־סאָלאָ (מיט באגלייטונג פונ דער גאנצער קאפעלע אָדער פונ סעקונדע אונ באס). אונ פונ דעמ באדכנס גראמען. דער באדכנ פלעגט „זאָגנ“ (זינגענ) זײַנע גראמענ ווי א פרײַע רעטשיטאטיוו, אפ די צעזורעס פלעגנ די קלעזמער אונטערהאלטנ דעמ באדכנס געזאנג מיט אנ אקאָרד (אָפטער פונ אלצ מיט דעמ קלאנג, אפ וועלכנ דער באדכנ ענדיקט די פראזע[1]). די באדכאָנישע גראמענ האָבנ ניט געהאט קיינ פעסטע, אלגעמיינ אָנגענומענע מעלאָדיע, דאָכ זײַנענ די עטלעכע ביז איצט פארגאָמירטע נוסכאָעס מער־ווייניקער שטאנדהאפטיק. וואָס איז שײַכ צו דער אינטראָדוקציע פונעמ פידל, איז זי אלעמאָל א פרײַער רעטשיטאטיוו, אינ וועלכנ עס פלעגנ אמאָל ארײַנגעפלאָכטנ ווערנ באזונדערע אינטאָנאציעס פונעמ באדכנס נוסעכ צומ גראמ זאָגנ. דער פידלער האָט דאָ געשטרעבט צו באווירקנ די צוהערער (אלעמאָל פרויענ אונ מיידלעכ, דער קאַלעס באווערטעס) אונ מיט זײַנ שפּילנ ארויסרופנ בא זיי טרערנ. עטעס, די סיטואַציע איז פאר דעמ פידלער געווענ א דאנקבארע, באזונדערס, אויב די קאלע איז געווענ א יעסוימע, אָדער א האלבע יעסוימע, אונ די פרויענ פלעגנ שטארק וויינענ באמ באזעצנס[2].

עס ווארפט זיכ אינ די אויגנ אנ אינטערעסאנטע דעטאל: די אינטראָדוקציע פונעמ פידלער (אונ זײַנ רעפרענ) מיט די באדכאָנישע גראמענ בילדנ צוזאמענ איינ גאנצעס, אָבער לויטנ נוסט זײַנענ זיי אָפטמאָל פארשיידנ. דער באדכנ זאָגט זײַנע גראמענ געוויינלעכ אינ גאמורעלנ מינאָר, אונ דער פידלער הייבט אָנ זײַנ רעפרענ אינעמ נוסט פרייגיש (זײַנ ארײַנפיר איז אויכ אמאָפטסטנ אינ פרייגיש).

פונ די סאָלאָ־שטיק, וואָס מע פלעגט שפּילנ צומ טיש, טיילנ זיכ אויס קלענערע ווערק: „סקאָטשנעס“ אונ גרעסערע — פאנטאזיעס אונ ווארִיאציעס אפ א טעמע. די סקאָטשנעס האָבנ די זעלבע סכעמע ווי די פריילעכסנ, אָבער דאָ ווערנ ארײַנגעטראָגנ געוויסע טעכניש־ווירטואָזע עלעמענטנ[3].

גרעסערע ווערק זײַנענ צומייניסטנ געווענ אינ דער פאָרמ פונ ווארִיאציעס אפ א געוויסער טעמע. פאר דער טעמע פלעגט אמאָפטסטנ געשפּילט ווערנ א לענגערע אָדער קירצערע אינטראָדוקציע, אונ נאָכ דער לעצטער ווארִיאציע — א קאָדע. די טעמע איז גאנצ אָפט א ייִדישע פאָלקס־מעלאָדיע. מיר האָבנ אויבנ דערמאָנט, אז אזעלכע ווארִיאציעס פלעגנ אמאָל געשאפנ ווערנ אפ פארשפּרייטע ניט־ייִדישע

[1] אינ זײַנ ארטיקל „Старинные евр. свадебн. обряды“ (Пережитое III) באמערקט ל. אָ. לעוואנדאָ, אז דעמ באדכנ באמ גראמ זאָגנ פלעגט אונטערהאלטנ פידל אונ באס (מיט בורדינעס). די באמערקונג באציט זיכ צו די 70־קער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יה.

[2] די אינטראָדוקציע צו קאלע באזעצנ פלעגנ קלעזמער רופנ „היסוירערוס“ (התעוררות). א באשרײַבונג פונ קאלע באזעצנ אונ א כאראקטעריסטיק פונ א פידלער סאָליסט, וואָס באזעצט די קאלע, באגעגענענ מיר אינ „סטעמפעניו“. זע שאָלעמ־אליכעמ, אויסגעוויילטע ווערק, ב. XII, פארלאג „דער עמעס“, מאָסקווע, 1937; ז. 162—164.

[3] אזוי האָבנ מיר דערקלערט א סאכ קלעזמער. דאָכ איז אָבער שווער צו זאָגנ, צי האָט די סקאָטשנע בא ייִדישע קלעזמער טאקע אלעמאָל באטײַט קלענערע ווערק, וואָס פארמאָגנ געוויסע טעכניש־ווירטואָזע עלעמענטנ. אמאָל גיבנ קלעזמער אָנ אלס סקאָטשנע א געוויינלעכ פריילעכס אויכ.

פאָלקס־לידער (אשטייגער, אפ די אוקראַיִנישע לידער „ייִכאוו קאָזאק זא דונאיעם“, בעדאָצורס „טשומאק“ אא.). אמאָל איז די טעמע געווענ פונעם פאָלקס־קינסטלער אליינ געשאפנ אונ האָט ניט פארמאָגט קיינ ספּעציפיש־ייִדישע שטריכנ.

צווישנ די גרעסערע ווערק, וואָס מע פלעגט שפּילנ צום טיש נאָכ ביזנ אָנהייב XX יה., באגעגענענ מיר אויכ דעם אזויגערופענעם „טאקסים“. טאקסים איז אנ אראביש וואָרט, מיט וועלכנ די טערקנ רופנ אָנ אנ אינסטרומענטאל צווישנשפּיל צווישנ צוויי וואָקאלע נומערנ. בא ייִדישע קלעזמער האָט „טאקסים“ באטײַט א מינ פרײַע פאנטאזיע אפ א געוויסער טעמע, וואָס ווערט באפּוצט מיט פארשיידע־נער מעליזמאטיק, רולאדעס, טרעלנ אדג. צוערשט גייט די טעמע אלעמאָל אינ מי־נאָר, אינ פּרײַישנ גוסט אָדער אינעם גוסט מיט א פארגרעסערטער סעקונדע צווישנ 3—4 שטופע. נאָכ דעם, ווי די טעמע ווערט גענוג פארפעסטיקט, ווערט זי אריבערגעפירט אינ מאזשאָר, אָדער לעבאָלאפּאָכעס ווערט אייג אָדער עטלעכע עפּי־זאָדנ געגעבנ אינ מאזשאָר, אונ די טעמע קערט זיכ ווידער אום אינ מינאָר, אונ דאנ גייט א פריילעכס (Allegro $^2/_4$). אזא סכעמע איז טיפיש אויכ פאר דער „דוינע“, וואָס איז שפּעטער (אָנהייב XX יה.) געשפּילט געוואָרנ אפ ייִדישע כא־סענעס. דער נאָמענ „טאקסים“ באווײַזט, אז דער דאָזיקער זשאנר האָט זײַנ אָי־בערגענומענ פונ די טורקישע פעלקער [1].

מיר איז ניט אויסגעקומענ צו זענ וואָסער־ניט־איז געדרוקטע טערקישע „טאק־סימענ“ אונ ניט צו הערנ אזוינס פונ אויספירער, אונ איכ קאָנ גאָרניט זאָגנ, צי דער ייִדישער „טאקסים“ פונ אונדזערע קלעזמער אונטערשיידט זיכ פונ דעם טער־קישנ. וואָס איז שײַעכ דער „דוינע“, לאָזנ זיכ יאָ אויסטיילנ געוויסע שטריכנ, וואָס מיר טרעפנ זיי אינ דער ייִדישער „דוינע“ אונ וואָס זײַנענ ניט פאראנ אינ די רומענישע אונ מאָלדאווישע „דוינעס“ — לעבאָלאפּאָכעס אינ די דוינעס, וואָס זײַ־נענ ביז איצט פארעפנטלעכט. לויט דער כאראקטעריסטיק פונ וואגנער (Das rumänische Volkslied, Sammelbände der internat. Musikgesellschaft, 1902, Hefte 1. s. 168). איז די רומענישע דוינע שטענדיק אינ מינאָרנ גוסט. דאָס איז א מוזיקאליש שטיק, וואָס באשטייט פונ אָנ א שיר קאדענציעס, רולאדעס אונ טרעלנ. די רומענישע „דוינע“ באשטייט, געוויינלעכ, פונ דרײַ טיילנ. דער מיטלסטער טייל איז אלעמאָל אינעם טעמפּ פונ דעם טאנצ „האָרא“ — אינ $^6/_8$. אינ וו. קאָרטשינס־

---

[1] ס'איז קעדײַ צו דערמאָנענ, אז אינ קאָנסטאנטינאָפּאָל אליינ איז אינ 1856 יאָר געווענ ניט ווייניקער ווי 500 ייִדישע מוזיקער, וועלכע האָבנ געשפּילט ניט נאָר צווישנ ייִדנ, נאָר אינ אלערליי טערקישע קאפע־ אונ טיי־הײַזער אדג. (זע: A. Wolf — Fahrende Leute bei den Juden אינעם זשורנאל Mitteilungen zur jüdischen Volkskunde, 1909. s. 53).

אויכ אינ טעהעראנ (פערסיע) איז געווענ א גרויסע צאָל ייִדנ מוזיקער, זינגער אונ טענ־צער (זע „Die Juden in Teheran von M. Abeshus. Mitteilungen zur jüdischen Volkskunde, 1906. Hefte 4. s. 131.) מע קאָנ רעכענענ, אז אפ א וואָסער־ניט־איז אויפנ האָבנ די ייִדישע מוזיקער פונ די אזיאטישע לענדער געווירקט אויכ אפ די ייִדישע קלעז־מער פונ מיזרעכ־אייראָפּע. אינעם רעפּערטואר פונ די ייִדישע קלעזמער געפינענ מיר ניט ווייניק שפּורנ פונ אזעלכע ווירקונגענ (אינ דעם פאל, אשטייגער, דער טאקסים).

קים זאמלונג „Молдавские наигрыши и песни“ (מוזגיז, מאָסקווע, 1937) זײַנענ אָנגעגעבנ ביז 14 „דוינעס“ (צוזאמענ מיט די טשאבאנישע). בלויז איינע פונ די דאָרט געבראכטע דוינעס (נומער 4) באשטייט פונ צוויי טיילנ (דער צווייטער טייל אינ $^2/_4$ Vivo risoluto).

די ייִדישע „דוינע“ באשטייט אַלעמאָל פונ צוויי טיילנ. דער ערשטער טייל איז מינאָר (אויכ אינ פריגיש אונ אנדערע גוסטנ) אונ ער פארמאָגט אַלע טיפּישע פאר דער „דוינע“ סטיליסטישע שטריכנ (רולאַדעס, טרעלנ אא.) אמאָפטסטנ ווערט די ערשטע טעמע איבערגעטראָגנ אויכ אינ מאזשאָר. דער צווייטער טייל איז אַלעמאָל א פריילעכס אינ $^2/_4$, אינ א גיכנ אָדער מעסיק-גיכנ טעמפּ. עס זײַנענ פאראנ אויכ דוינעס, וואָס זײַנענ געבויט אפ מעלאָדיעס פונ פארשפּרייטע ייִדישע פאָלקס-לידער.

דער ווינטיקסטער שטריכ, וואָס טיילט אויס די „גאס-ניגונים“ פונ דעם איבעריקנ טייל קלעזמערישנ רעפּערטואַר, איז דאָס, וואָס קימאַט אַלע זײַנענ זיי אינ $^3/_4$-דיקער מאָס. פונוואַנענ נעמט זיכ די טראַדיציע, אַז די „גאס-ניגונים“ זאָלנ גראָד זײַנ אינ $^3/_4$-דיקער מאָס, — האָט מיר קיינער פונ די קלעזמער, וואָס איכ האָב אויסגעפרעגט, ניט געקאָנט דערקלערנ.[1]

א פּאָר ווערטער וועגנ די מוזיקאַלישע שטיק „זײַ-געזונט“, וואָס פלעגנ געשפּילט ווערנ צום סאָפ פונ דער כאסענע-צערעמאָניע, בײַם געזעגענענ זיכ פונ די מעכוטאָנים. אָפטער פונ אַלצ פלעגט מענ דאָ שפּילנ די מעלאָדיע פונ דער ליד „אָ, זײַט געזונטערהייט, מײַנע ליבע עלטערנ“. א סאַכ יעדיעס באשטעטיקנ דעם פאַקט, אַז די דאָזיקע ליד איז געווענ ביז גאָר פארשפּרייט אַלס געזעגענונגס-ליד נאָכ דער כאסענע. דאָס איז אָבער ניט געווענ די איינציקע מעלאָדיע, וואָס מע פלעגט שפּילנ אינ דעם פאַל. כוצ איר באַגעגענענ מיר א גאַנצע רײ אַנדערע מעלאָדיעס פונ לירישנ כאַראַקטער. נאָכ דעם „זײַ-געזונט“ (ווי אַלעמאָל נאָכ לירישע שטיק) פלעגט מענ שפּילנ א פריילעכס.

ס'איז געווענ פארשפּרייט די מיינונג, אַז די ייִדישע כאסענע-מוזיק אונ אויכ די ייִדישע טענצ (פריילעכס, שערנ אא.) זײַנענ אַלע טרויעריקע אָדער אַפילע וויינענדיקע, קלאָגנדיקע. א סאַכ ניט-ייִדישע צוהערער, וועמענ עס איז אויסגעקומענ אינ דער פארגאַנגענהייט בײַצוזײַנ אפ ייִדישע כאסענעס, האָבנ אַזוי איבערגעגעבנ זייערע אײַנדרוקנ. ס'איז ריכטיק, אַז אפ די אַמאָליקע כאסענעס (אונ ניט נאָר אפ ייִדישע) איז געווענ גענוג טרויעריקע מאָמענטנ אונ גענוג טרערנ. אונ דאָס האָט ניט געקאָנט ניט ווירקנ אפנ כאַראַקטער פונ דער קלעזמערישער מוזיק, וואָס האָט פארמאָגט א גרויסע צאָל ווערק טרויעריקע אונ גאָר טיפ רירנדיקע. דאָס זײַנענ דעריקער געווענ די ווערק, וואָס מע פלעגט שפּילנ צו קאַלע-באַזעצנ אונ די סאָלאָ-נומערנ צום טיש. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ זיכ צו דעם אַמאָליקנ שטייגער פונ א ייִדיש שטעטל, די ביטערע, דערשלאָגענע לאַגע פונ די ייִדישע מאַסנ, די נויט אונ פּײַנ פונ דעם ייִדישנ האָרעפּאַשניק, די מאַטערנישנ, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיינ,

[1] בינ איצט האָט זיכ מיר ניט אײַנגעגעבנ פעסטצושטעלנ, צי איז די דאָזיקע $^3/_4$-דיקע מאָס טיפּיש בלויז פאר די „גאס-ניגונים“ אינ אוקראַינע, אָדער אויכ פאר די אַנטשפּרעכיקע נומערנ בײַ ייִדנ אויסער אוקראַינע.

ביז ער האָט געקאָנט כאַסענע מאַכנ א טאָכטער, צונויפשלעפּנ דאָס ביסל גאדנ אדג. מע דארפ אויכ געדענקענ די טאָפּלט שווערע לאַגע פונ דער פרוי אינ דער פעאָדאַלער אונ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אָבער דער געזונטער, נאַטירלעכער אָפּטימיזם פונ די פאָלקסמאַסנ, זייער אינסטינקטיווער גלויבנ אינ א בעסער, שענער לעבנ, האָבנ גוווער געווענ דעם געפיל פונ פּײַנ אונ דערשלאָגנקייט, אונ דאָס האָט זיכ דערפילט געלאָזט פילנ אינ די פאָלקס-לידער, פאָלקס-ניגונים אונ טענצ. אינ די טענצ, אונ באַזונדערס אינ די פריילעכס איז בעפיירעש פאַראַנ א סאַכ מונטערקייט, א סאַכ אופריכטיקייט, א סאַכ פרייד אונ לעבנסלוסט. אינ דער יידישער ליטעראַטור (אינ טעמוארנ אונ אינ דער שיינער ליטעראַטור) איז פאַראַנ נישט ווייניק בילדער פונ טענצ אפ כאַסענעס אונ סימכעס. „א מיניע יידנ אונ יונ-געלייט, מיט שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט שמויסענע היטלענ אפ די קעפּ, מיט שווערע שטיוול אפ די פיס, טאַנצנ אינ א ראָד. די אויגנ שײַנענ, די פּענעמער זײַ-נענ פול מיט פרייד, יאָ, עמעס קינדערשע, ריינע פרייד... „אונ איכ זאָג דיר, אווי-דאָם-מאָרדכע, אז ס'איז נישט קעדײַ צו זאָרגנ. א קאַפּאָרע אלצדינג אונ כײַ גע-לעבט!" — שרײַט אויס אייגער פונ די טאַנצנדיקע".

גאַנצ אָפּט זײַנענ אינ שטעטלעכ געווענ באַליבטע אונ קונציקע טענצער אונ לוסטיק-מאַכער, וואָס פלעגנ אפ אלע כאַסענעס מעסאַמייעכ זײַנ די געסט[1]. א סאַכ באַווײַזימ האָבנ אונדז מיטגעטיילט וועגנ קונציקע פאָלקס-טענצער, וואָס פלעגנ טאַנצנ אפ שפּינעלעכ.

בא שאָלעמ-אלייכעמענ („פונעם יאַריד") באַגעגענענ מיר אזא באַשרײַבונג פונ זײַנ פעטער פּיניעס טאַנצנ:

„...מע האָט באַדאַרפט אפ כידושים גיינ זענ פּיניע וועוויקס ווי ער „טאַנצט אפ לײַכטער" מיט ברענענדיקע ליכט, אָדער „אפ א שפּיגל", אונ אזוי גרינג, אזוי גראַציעז, ווי דער גרעסטער פונ די הײַנטיקע טענצער פונ דער וועלט. אזא וויג טאַנצנ וואָלט מענ הײַנטיקע צײַטנ געקאָנט ווײַזנ אפ בילעטנ אונ מאַכנ א סאַכ געלט. די קאַפּאָטע אראָפּגעוואָרפנ, דעם טאַלעסקאָטנ ארויסגעצויגנ, די ארבל פאַר-קאַטשעט, די הויזנ בעמיילע ארײַנגעשטעקט אינ די שטיוול, אונ די פיס קוים-קוים וואָס זיי באַרירנ די ערד, אונ דער קאָפּ איז פאַרוואָרפנ ארופ, די אויגנ צו, אפנ פּאָנעמ זעט מענ היספּײַלעס מיט היסרויטמעס, ווי בעשאַס דאַווענ. אונ די קלעזמער שפּילנ א יידישע זאַכ, אונ דער אוילעם פּליעסקעט, אונ די ראָד ווערט אלעמאָל גרעסער אונ גרעסער, אונ דער טענצער, אויסטײַדנדיק די לײַכטער מיט די ברענענדיקע ליכט, גייט ארײַנ וואָס ווײַטער אינ אלצ מער היספּײַלעס אונ אינ אלצ מער היסרויטמעס-האַנעפּעש..."

„...אונ איכ שטעל זיכ אָפּ אונ פרעג נאָכאַמאָל די אייגענע קאַשע: פונוואַנענ האָט זיכ גענומענ צו אָט אזא יידנ א יערײַשאָמאַונ, ער זאָל דערגרייכנ אזוי ווײַט

[1] וועגנ איינעם אזא וואַנדערבאַרנ טענצער — שמועל-ניסנ ווערט דערציילט אינ דער זאַמלונג „רשומות", ב. I, ז. 185 (באַציט זיכ צו דער צווייטער העלפט XIX יה. איינעם שטעטל ליאַדי, מאָלעווער גוב.).

אינ דער קונסט פונ טאנצנ? ווּ האָט ער זיכ עס אויסגעלערנט? אונ ווער האָט געקענט זיינ דער רעבע זינגער?“ (שאָלעמ=אליינעמ — „פונעמ יאריד“, מאָסקווע, „דער עמעס“. ז. 97—99).

אָט דער טאנצ=לוסט איז זייער גוט אונטערגעהאלטנ געוואָרנ פונ דער מוזיק. די קלעזמער פלעגנ שפּילנ מיט עקספּרעסיע, אָבער אליינ די פריילעכסנ פארמאָגנ געננוג שטאָפּ אָפּ אופצורייסנ פונ אָרט, גיינ אינ ראָד אונ אָפּגעבנ זיכ דער פריידיקער מינוט.

די קלעזמערישע מוזיק איז פריער קימאט אויסשליסלעכ געשפּילט געוואָרנ אָפּ כאסענעס [1].

מע דארפ אָבער ניט מיינענ, אז די דאָזיקע מוזיק האָט פאר אונדזנ בלויז א קולטור=היסטאָרישנ ווערט. די בעסטע קלעזמערישע שטיק וועלנ געווינ אופגענומענ אויכ איצט. די טעמיקעט פונ דעמ קיעווער יידישנ מעלוכישנ אינסטרומענטאלנ פאָלקס=אנסאמבל באווייזט אונדז באשטימפערלעכ, אז דער סאָוועטישער צוהערער נעמט אופ מיט ענטוזיאזמ די יידישע מוזיקאלישע פאָלקס=שטיק אפילע אינ דער אורשפּרינגלעכער ניט=באארבעטער פאָרמ זייערער. אויכ דער סאָוועטישער קאָמפּאָזיטאָר האָט וואָס צו נעמענ פונ דער קלעזמערישער מוזיק.

## 6. גוסטנ

די יידישע אינסטרומענטאלע פאָלקס=מוזיק (ווי דער יידישער מוזיק=פאָלקלאָר אינגאנצנ גענומענ) באנוצט זיכ מיט פיר גוסטנ: 1) מאזשאָר, 2) מינאָר, 3) דעמ גוסט, וואָס איז געבויט אָפּ דער קלאנגענ=ריי, $g^1$, $as^1$, $h^1$, $c^2$, $d^2$, $es^2$, $f^2$, $g^2$ אונ 4) דעמ גוסט, וואָס איז געבויט אָפּ דער קלאנגענ=ריי $g^1$, $a^1$, $b^1$, $cs^2$, $d^2$, $e^2$, $f^2$, $g^2$

מיר האָבנ דאָ ניט די מעגלעכקייט ברייט אונ אויספירלעכ צו באהאנדלענ די פראגנ וועגנ די גוסטנ, וואָס מיר באגעגענענ אינ דעמ יידישנ מוזיק=פאָלקלאָר. אונ דעריבער האָבנ מיר דאָ ניט אויסגעטיילט באזונדערס יענע גוסטנ, וואָס באגעגענענ זיכ זעלטענער [2].

אינקורצנ קאָנענ מיר זאָגנ, אז דער יידישער פאָלקס=קינסטלער ביכלאל (אונ ניט נאָר דער פּראָפעסיאָנעלער קלעזמער) האָט גאנצ גוט פארשטאנענ די אייגנשאפטנ פונ באזונדערע גוסטנ אונ האָט געוווסט, ווי זיכ באגיינ מיט זיי אונ דערמיט אָפּצופרישנ דאָס מוזיקאלישע שטיק.

איידער מיר וועלנ באטראכטנ די פראגע, ווּאזוי האָט דער יידישער פאָלקס=

[1] זעלטענער פלעגנ מיר קלעזמער שפּילנ אויכ בא אנדערע געלעגנהייטנ. אָפּ א רעפּראָדוקציע פונעמ XVII יה. זעענ מיר די קלעזמער=קאפּעלע, וואָס נעמט אָנטייל אינ דער אכאשווירעש=שפּיל. איינינקע קלעזמער האָבנ מיר מיטגעטיילט, אז זייערע זיידעס, זעלטענער פאָטערס, האָבנ געשפּילט (אקאָמפּאנירט) מיט פורעמשפּילער. פונ דעמ פערטנ פערטל פאָריקנ יאָרהונדערט באגעגענענ מיר דאָס גאָר=גאָר זעלטנ.

[2] אשטייגער, דעמ מיקסאלידישנ גוסט האָב איכ דאָ צוגערעכנט צו מאזשאָר, אינ מינאָרנ גוסט האָב איכ איצט ניט אויסגעטיילט באזונדער דעמ נאטורעלנ מינאָר, הארמאָנישנ אונ מעלאָדישנ.

קינסטלער באנוצט די פארשיידענע גוסטנ, מוזנ מיר נאָר איינקורצנ זיכ אָפשטעלנ אפ דעמ דריטנ גוסט. די קלאנגענ-סכעמע זיינע איז אזא:



געוויינלעכ באטראכט מענ אימ ווי הארמאָנישנ מינאָר (אינ דעמ פאל ווי c-moll) דאָס איז ניט ריכטיק. ד אָ (do) אונ מ י-ב ע מ אָ ל זיינענ אינ די מו-זיקאלישע ווערק, וואָס זיינענ געבויט אינ דעמ גוסט, אלעמאָל ניט שטאנדהאפטיק אונ רופנ ארויס וויטערדיקע באוועגונג. אויב מיר וועלנ פרווונ צופירנ די לעצטע פראזע פונ אזא ווערק צומ קלאנג ד אָ (do), וועלנ מיר אלעמאָל צעשטערנ די שטאנדהאפטיקייט פונעמ סאָפ, פארקערט ס אָ ל אונ אפילע ס י-ב ע ק אָ ר פארענ-דיקנ דאָס ווערק, בארוּיקנ די באוועגונג.

א גאנצע ריי פאקטנ קאָנענ דינענ אלס באווייז, אז דער יידישער פאָלקס-קינסט-לער האָט אונטערשיידט דעמ דאָזיקנ גוסט פונ מינאָר. אזוי, אשטייגער, האָבנ די יידישע פאָלקס-מוזיקער (קלעזמער, בארכאָנימ, באזאָנימ אא.) אָט דעמ גוסט גע-רופנ „פרייגיש" (פונ דעמ מיטלאלטערלעכנ טערמינ „פריגיש"). פונ דעמ פרי-גישנ גוסט אונטערשיידט זיכ אונדזער „פרייגיש" דערמיט, וואָס די טערציע צומ גרונט-טאָנ איז דאָ אלעמאָל א גרויסע (g-h), אינעמ פריגישנ גוסט — א קליינע (אָבער אינעמ שלוס-קאדאנס ווערט דער טערצ-טאָנ אויכ אינ פריגיש-געהעכערט). אינ דעמ ארופגייענדיקנ קאדאנס (צו דעמ גרונט-טאָנ) איז אינעמ פריגישנ גוסט מי-בעמאָל אונ אינ „פרייגיש" איז דאָ אלעמאָל (אָנ אויסנאמ) מי-בעקאָר.

אינ מוזיקאלישע ווערק, וואָס באשטייענ פונ עטלעכע פאלנ, האָבנ מיר אָפטמאָל מאָדוליאציעס אינ פארשיידענע גוסטנ. מיר באגעגענענ דאָ אויכ פאלנ, ווענ די מאָ-דוליאציע גייט פונ סאָל-פרייגיש אינ דאָ-מינאָר. די דאָזיקע ביישפילנ זיינענ זייער באלערנדיק. דאָ זעענ מיר באשיינפערלעכ, ווי דער פאָלקס-קינסטלער באנוצט באוווּסטזיניק אינ איינ אונ דעמ זעלבנ ווערק אי פרייגיש, אי מינאָר. מיר זעענ דאָ, אז ניט ענדערנדיק די צאָל צייכנס באמ שליסל (סיי סאָל-פרייגיש אונ סיי דאָ-מינאָר האָבנ אינ שליסל ס י-ב ע ק אָ ר, מ י-ב ע מ אָ ל אונ ל א-ב ע מ אָ ל), באשטימט דער פאָלקס-מוזיקער פאר די פארשיידענע קלאנגענ פארשיידענע גוסטישע פונקציעס.

דער פערטער גוסט, וואָס מיר האָבנ אויבנ אויסגעשטעלט, האָט אלס טאָניקע א קליינעמ דריקלאנג (g-b-d) די קווארטע (פונעמ גרונט-טאָנ) איז געהעכערט, די סעקסטע — א גרויסע, אונ די סעפטימע — א קליינע. דער דאָזיקער גוסט פאר-מאָגט א גאנצע ריי סטיליסטישע איינגשאפטנ. אָט זיינענ אייניקע פונ זיי: אנ אָרגל-פונקט אפ דעמ גרונט-טאָנ (כאָטש אָט דער אָרגל-פונקט ווערט אינעמ יידישנ מו-זיק-פאָלקלאָר ניט אלעמאָל רעאליזירט, דאָכ פילט ער זיכ אזוי ווי ער וואָלט גע-קלונגענ); אָפט באגעגענענ מיר אינ אָנהייב פונעמ מוזיקאלישנ ווערק אָדער פונ באזונדערע פראזעס מעלאָדישע גענג אפ די קלאנגענ פונ דעמ טאָנישנ קווארטסעק-סטאקאָרד. דער קלאנג דאָ-דיעז גייט ניט זעלטנ אריבער אינ ד אָ (אינ פאָלקס-לי-דער אינ דעמ גוסט איז אינ דער דריטער פראזע אָפטער פאר אלצ דאָ (do),

אונ צו דער פערטער — לעצטער פראַזע באַווײַזט זיכ ווידער דאָ-דינעז). דער אָרגל-פּונקט פונ די ווערק אינ דעמ דאָזיקנ גוסט פירט אַרופ אַפ דעמ געדאַנק, אַז זיי שטאַמענ, מעגלעכ, פונ אַזעלכע אינסטרומענטנ, ווי אַ שטייגער, דער דודל-זאַק, די לירע אאַ.

וואָס איז שייַכ דער פאַרהעלטעניש פונ די גוסטנ אינ דער אינסטרומענטאַלער מוזיק, קאָנ מענ זיי אַזוי אײַנטיילנ: די גרעסטע צאָל ווערק זײַנענ אינ מינאָר (צומײַנסטנס — אינ נאַטורעלנ). קימאַט דאָס זעלבע האָבנ מיר אינעמ לידער-פאָלקלאָר. אַפנ צווייטנ אָרט (ביז אַ פערטל פונ דער אַלגעמײַנער צאָל) גייט דער גוסט פרייגיש (עטוואָס ווייניקער טרעפנ מיר אָט דעמ גוסט אינעמ לידער-פאָלקלאָר). אַפנ דריטנ אָרט גייט מאַזשאָר (קימאַט אַ פינפטל פונ דער אַלגעמײַנער צאָל). באַדײַטנד ווייניקער (קימאַט ביז 7%) איז די צאָל פאָלקס-לידער אינ מאַזשאָר. דער לעצטער גוסט, מיט אַ פאַרגרעסערטער סעקונדע צווישנ דריטער אונ פערטער שטופע, גיט קימאַט די זעלבע פאַרהעלטעניש; וואָס אינעמ לידער-פאָלקלאָר (עטוואָס מער פונ אײנ אַכטל פונ דער אַלגעמײַנער צאָל). אָנ אַ גענויעמ אַנאַליז פונ דער מעלאָדיק קאָנ מענ דאָ ניט מאַכנ קיינ אַלגעמײַנעמ אויספיר וועגנ די גוסטנ אינעמ ייִדישנ מוזיק-פאָלקלאָר. אָבער דאָ האָבנ מיר, צומ באַדויערנ, ניט די מעגלעכקייט זיכ אַפ דעמ גענוי אָפּצושטעלנ.

וועגנ די מאָדוליאַציעס, וואָס באַגעגענענ זיכ גאַנצ אָפט אינ דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער פאָלקס-מוזיק, קאָנ מענ אײַנקורצנ באַמערקנ, אַז: 1) דער מאָדוליר-פּלאַנ איז דאָ אַ גאַנצ באַשיידענער, אָבער אַנ אויסגעהאַלטענער, 2) אַפ וויפל אינ דער ייִדישער קלעזמער-קאַפּעלע האָבנ צומײַנסטנס דאָמינירט אינסטרומענטנ, וואָס שפּילנ די הויפּט-מעלאָדיע, אונ נאָר ווייניק אַקאָמפּאַנירנדיקע, איז די מאָדוליאַציע אַלעמאָל זייער דײַטלעכ שוינ פונ די ערשטע קלאַנגענ פונ דער מעלאָדיע. פונ נאַטורעלנ מינאָר גייט די מאָדוליאַציע אָפטער פונ אַלצ אינ פּאַראַלעלנ מאַזשאָר, זעלטענער אינ אַנדערע גוסטנ: אינ אייננאָמענדיקנ „פרייגיש“ אונ אינ דעמ גוסט מיט פאַרגרעסערטער סעקונדע צווישנ 3—4 שטופעס.

פונ מאַזשאָר באַגעגענענ מיר אָמאָפטסטנ מאָדוליאַציעס אינ אייננאָמענדיקנ גוסט מיט אַ פאַרגרעסערטער סעקונדע צווישנ 3—4 שטופעס. ניט זעלטנ אינ אייננאָמענדיקנ מינאָר. פונעמ גוסט מיט אַ פאַרגרעסערטער סעקונדע צווישנ 3—4 שטופעס קומענ פאָר מאָדוליאַציעס אָמאָפטסטנ אינ אייננאָמענדיקנ מאַזשאָר, ניט זעלטנ אינ מינאָר, אונ זעלטענער — אינ פרייגיש.

פונ פרייגיש (דאָ נעמענ מיר אָנ דעמ טאָנאַרט ס אָ ל אַלס אויסגאַנג-פּונקט) גייענ די מאָדוליאַציעס אָמאָפטסטנ אינ ד אָ-מ אַ ז ש אָ ר, גאַנצ אָפט אינ פ אַ-מ אַ ז ש אָ ר אונ זעלטענער אינ ס י-ב ע מ אָ ל-מ אַ ז ש אָ ר. מיר האָבנ שוינ דערמאָנט אויבנ, אַז ניט זעלטנ גייט די מאָדוליאַציע פונ סאָל-פרייגיש אינ דאָ-מינאָר.

עס איז גרינג צו באַמערקנ, אַז דער מאָדוליר-פּלאַנ איז געבויט אַפ דעמ פּרינציפּ פונ ענדערנ (פאַרהעכערנ אָדער פאַרנידעריקערנ) די שטופעס, וואָס זײַנענ כאַראַקטעריסטיש פאַר דעמ אויסגאַנג-גוסט. שוינ גלײַכ פונ די ערשטע קלאַנגענ הערנ מיר די דאָזיקע געענדערטע שטופעס.

## 7. טיפּישע שטריכנ פונ דער קלעזמערישער אויספירונג

אינ דער קלעזמערישער אינטערפּרעטאַציע פונ דער צווייטער העלפט אונ מיטלצײַט פונ אָנהייב XIX יה. (פונ פריִער האָבנ מיר קיינע ידיִעס ניט) קאָנ מענ אויסטײלנ געוויסע שטריכנ, וואָס זײַנענ קולטיווירט געווענ פונ די ייִדישע קלעזמער. פריִער פאַר אַלצ דאַרפ באַצייכנט ווערנ די טיפע עמאָציאָנעלקײַט פונ דער קלעזמערישער אינטערפּרעטאַציע (דעריקער אינ ווערק פונ לירישנ אונ דראַמאַטישנ כאַראַקטער). די בעסערע אויספירער צווישנ די קלעזמער האָבנ אַלעמאָל באַווירקט אונ טיפ גערירט זייערע צוהערער. „זײַנ פידעלע רעדט“, „זײַנ פידעלע רעדט ווערטער“ — דאָס איז אַ פאָלקס-אויסדרוק, וואָס גיט איבער די באַגײַסטערונג פאַר אַ גוטנ שפּילער. באַ דינעזאָנ אינ „הערשעלע“ דערציילט איינער פונ די העלדנ וועגנ אַ פידלער: „מיר האָבנ אַלטע לײַט... געשוואָרנ, אַז זיי האָבנ מאַמעש ווערטער געהערט, וואָס דאָס פידעלע זײַנס האָט אַרויסגערעדט, בײַם ער האָט געשפּילט. נאָכ אַדהײַנט זאָגט מענ, אַז... (זײַנ) פידעלע האָט ניט געשפּילט, נאָר גערעדט, צום האַרצנ גערעדט אונ צו טרערנ געבראַכט, ווער עס האָט אימ נאָר שפּילנדיק געהערט. אַזאַ געפיל האָט ער געקאָנט אַרײַנברענגענ אינ די סטרונעס“. שאָלעמ-אַלייכעמ דערציילט וועגנ סטעמפּעניוּ: „ער פלעגט אַ כאַפּ טאָנ דאָס פידעלע אונ אַ פיר טאָנ מיטנ סמיק, איינ פיר טאָנ, ניט מער, פלעגט דאָס שוינ אָנהייבנ באַ אימ צו רעדנ, אָבער וואָזשע מיינט איר רעדנ? טאַקע מיט ווערטער, מיט אַ צונג, ווי, לעהאַוודל, אַ לעבעדיקער מענטש“.

אינ דער ייִדישער מוזיקע איז די פידל באַליבט געווענ דעריקער דערפאַר, וואָס זי פאַרמאָגט לירישקײַט, ווייכקײַט, וואַרעמקײַט. אינעם רעפּערטואַר פונעם פידלער-כאַליסט (אַפ כאַסענעס) זײַנענ געווענ אויכ ווערק פונ אַ ווירטואָזנ טיפּ. דאָס באַליבטסטע זײַנענ אָבער געווענ די לירישע ווערק. אינ אַ פאָלקס-רעטעניש ווערט די פידל טאַקע אַזוי כאַראַקטעריזירט:

אינ וואַלד וואַקסט דאָס,
אינ קראָמ הענגט דאָס,
מ'גיט אַ ריר — וויינט דאָס! [1]

פונ באַזונדערע דעטאַלנ אינ דעמ קלעזמערס שפּילנ איז קעדײַ צו באַמערקנ די אָפטע מעליזמענ-פאַרשלאָגנ, מאָרדענט, טרעלנ אאַדג. אָפטמאָל באַגעגענענ מיר גליסאַנדאָ. ווענ אַ לאַנגדויערנדיקע טרעל (אָפ אַ גרויסער אָדער קליינער סעקונדע) ווערט צוערשט געשפּילט אינ אַכטלענ (אינ אַ לאַנגזאַמענ אָדער מעסיקנ טעמפּ), דעמלט ווערנ ביידע קלאַנגענ גענומענ מיט איינ אונ דעמ זעלבנ פינגער גליסאַנדאָ-אַרטיק. אַ סאַכ ווערק האָט מענ געקאָנט שפּילנ, נאָר ווענ די פידל איז אַנדערש אָנגעשטעלט (אַשטייגער: $a, d^1, f^1, f^2$ אאַ.) די ערשטע אונ צווייטע סטרונע (אינ געוויינלעכער אָנשטעלונג $a^1 e^2$) ווערנ דערנענטערט איינע צו דער אַנדערער; צוליב דעמ צוועק זײַנענ באַמ קעפּל, דאָרט, וווּ די סטרונעס גייענ אַראָפּ פונעמ גריפ-

[1] ייִדישע פאָלקס-רעטענישנ. געזאַמלט אונ דערקלערט פונ ש. באַסטאָמסקי. ווילנע, 1919, נומ. 7.

צו די פּלעקלעכ, געווענ געמאַכט צוגאָב־קאַרבנ, — אַזוי, אַז מע האָט געקאָנט אָנ־דריקנ מיט איינ פינגער ביידע סטרונעס. דאָס האָט מעגלעכ געמאַכט נית נאָר צו שפּילנ אָקטאַוועס אינ א באַליביקנ טעמפּ, נאָר אויכ שפּילנ אַלערליי פאַרשלאָגנ, טרעלנ אאַ. מעליזמענ — אינ אָקטאַוועס[1].

אייניקע קלעזמער פלעגנ אמאָל באַנוצנ געוויסע קונצ־שטיק באַם שפּילנ: האַלטנ די פידל אַפנ רוקנ, שפּילנ אינ הענטשקעס אדג.[2]

אינעם קלעזמערישנ רעפּערטואַר טרעפנ מיר אמאָל ווערק, אינ וועלכע עס ווערנ אָפּ א נאַטוראַליסטישנ אופנ געשילדערט פאַרשיידענע שטייגערישע געשעענישנ. אינ אונדזער אַרכיוו איז פאַראַנ א ווערק פאַר פידל־סאָלאָ מיט דעמ נאָמענ „די בעהיימע“ (די קו). ווי ס'גיט איבער דער פידלער מ. ראַביגאָוויטש, איז דאָס דאָזיקע ווערק פאַרפאַסט פונ זיינ זיידנ דעמ פידלער יִסראָעל־מוישע ראַבינאָוויטש (1807—1900). די „פּראָגראַמ“ פונ אָט דעמ ווערק איז אַזאַ: באַ איינעמ אַנ אָרעמענ יִדנ איז אמאָל פאַרפאַלנ געוואָרנ די קו. ער מיטנ ווייב גייענ זוכנ די קו אונ וויינענ שטאַרק (די מעלאָדיע גייט אינ אָקטאַוועס — די פידל איז אָנגעשטעלט נית ווי געוויינלעכ). מיטאמאָל דערזעענ זיי פונוויטנס די קו — ווערנ זיי פריילעכ אונ גייענ א טענצל. די קו מיטנ קעלבל טרוקענ (גליסאַנדאָ־אַרטיקע פלאַזשעאָלעטאָ). מע ברענגט די קו אַהיימ (דער טויער סקריפּעט). די באַלעבאָסטע מעלקט די קו. דער באַלעבאָס האָט אָבער פאַרגעסנ פאַרמאַכנ דעמ טויער, אונ די קו איז ווידער אַוועק...

## 8. מוזיקער ליבהאָבער אינעמ יִדישנ שטייגער

קלעזמער זיינענ געווענ די פּראָפעסיאָנאַלנ מוזיקער, וואָס פלעגנ שפּילנ פאַר געצאָלטס אַפ כאַסענעס, זעלטענער באַ אַנדערע געלעגנהייטנ. באַ די יִדישע מאַסנ איז אָבער געווענ א שטאַרקער דראַנג צו מוזיק, עס האָט זיכ געוואָלט אָפטער הערנ מוזיק אונ אַליינ מאַכע מוזיצירנ אויכ. אַזוינע ליבהאָבער, וואָס האָבנ זיכ אויסגעלערנט שפּילנ אַפ אַנ אינסטרומענט מאַכמעס אינטערעס צומ שפּילנ, צו מוזיק ביכלאַל, זיינענ געווענ א גאַנצ אָפטע דערשיינונג אינעמ יִדישנ שטייגער.

„ווילט איר וויסנ, וויפל מאַנסלייט עס געהערנ צו א שטוב? קוקט אַפ די ווענט! וויפל עס הענגענ פידלענ, אַזויפיל מאַנסלייט!“ (פּערעצ — „א גילגל פונ א ניגנ“).

געוויינלעכ פלעגנ אַזעלכע ליבהאָבער זיכ לערנענ באַמ אָרטיקנ קלעזמער. צומ סאָפ פונעמ XIX יה. זיינענ אינ יעדער שטאָט אונ שטעטל געווענ יונגעלייט, וואָס האָבנ זיכ געלערנט שפּילנ. אָפטער פונ אַלצ פלעגנ די ליבהאָבער שפּילנ פידל.

[1] ווי באַוווּסט, איז אַזאַ אָרט אָנשטעלנ די סטרונעס־אינסטרומענטנ (אונ ליוטניעס), ווענ יעדע סטרונע האָט געקאָנט אָנגעשטעלט ווערנ אַפ א באַליביקנ קלאַנג, געווענ באַזונדערס פּאָפּולער אינ אייראָפּע אינעמ XVII—XVIII יה. (אַזאַ אָנשטעלונג פלעגט מענ רופנ scordatura). פּאַגאַניני (1782—1840) האָט זיכ נאָכ אויכ באַנוצט מיט אָט דעמ מיטל. יִדישע קלעזמער האָבנ אײַנגעהיט דאָס דאָזיקע מיטל ביז צו אונדזער צייט.

[2] וועגנ איינעמ אַזאַ פידלער אינעמ שטעטל מאַטאָלי, לעבנ פּינסק (אָנהייב 70־ער יאָרנ פאַריקנ יה.), ווערט דערציילט אינ רשומות, ב. II, ז. 70—71.

זעלטענער—קלאַרנעט אונ פלייט [1]. וואַלאַנטשעל—קימאַט קיינמאָל ניט. דער ליבהאָבער האָט זיכ באַמיט צו באַהערשנ דעמ באַליבטסטנ אונ פאַרשפּרייטסטנ בא ייִדנ אינסטרומענט — די פידל, אפּ וועלכער ער האָט געקאָנט אינ זײנ היימישער סוויווע אויסשפּילנ ניגונים, טענצ, לידער אדג. אמאָל אויכ קאָמפּליצירטערע מוזיקאַלישע שטיק. דאָסראָוו פלעגנ ליבהאָבער שפּילנ סאָלאָ אָדער באַגלייטנ דאָס געזאַנג פונ די אייגענע היימישע זינגער. קיינ אקאָמפּאַנימענט האָט מענ קיינמאָל ניט גענוצט. ווענ ס'האָבנ אינ דער פאַמיליע געשפּילט עטלעכע קינדער — האָבנ זיי געווײנלעכ אויכ געשפּילט אוניסאָנ.

אינ זײנ אווטאָביאָגראַפיש ווערק „פונעמ יאַריד" דערציילט שאָלעמ-אליינעמ, אַז „שפּילנ אפּנ פידל איז אינ יענער צײט (אינ פּערעיאַסלעוו, אָנהייב 70-קער יאָרנ פונעמ יאָריקנ יה. — מ. ב.) געשטאַנענ אינ פּראָגראַם פונ קענטעניש גלײכ מיט אַנדערע זאַכנ... קימאַט אלע פײנסטע באַלעבאַטישע באָכערימלעכ אינ שטאָט האָבנ דעריבער זיכ געלערנט שפּילנ פידל. כאַיִמ פרוכשטיינס האָט געשפּילט פידל, צאַלי מעהפּערטס האָט געשפּילט פידל, מאָטל סריבנערס האָט געשפּילט פידל, נאָכ א באַכ יונגלעכ האָבנ געשפּילט פידל". דאָס דאָזיקע איז טיפּיש ניט בלויז פאַר פּערעיאַסלעוו, נאָר קימאַט פאַר אלע שטעט אונ שטעטלעכ [2].

אפּ כאַסענעס אָדער ביכלאל פאַר געצאָלטס האָבנ אזעלכע ליבהאָבער קיינמאָל ניט געשפּילט. מענדעלע מויכער-ספאָרימ דערציילט וועגנ דעמ סטאָליער הערצל קיילעס, וואָס „פלעגט שפּילנ פידל, אָבער ניט אפּ כאַסענעס, באַלילע". א.-מ. דיק דערציילט וועגנ „קאַרפּל דעמ פידלער", „דאָש ער וואַר נור איינ פּרומער פידלער, דענ ער פלעגט צו שפּילנ נור אויפ אָרימע כאַסענעס אומזיסט, אונ האָט זיכ גענערט נור פונ פאַרבערנ" (אלטע אידישע זאַגנ מאַת אמ'ד, ווילנא, תרל"ז (1877) ז. 27).

מיידלעכ פלעגנ גאָר-גאָר זעלטנ שפּילנ פידל. אינ די פאַרמעגלעכע פאַמיליעס

---

[1] די פידל איז געווענ ברייט פאַרשפּרייט אונ באַליבט דעריקער בא די ייִדנ אינ אייראָפּע. אינ פּערסיע, אשטייגער, האָבנ די ייִדנ קיינ אַנדער אינסטרומענט אכוצ דער טאַראַ ניט באַנוצט. די טאַרא האָט מענ דאָרט געקאָנט באַגעגענענ אינ יעדער שטוב. זע Die jüden in Teheran von M. Abeshus. Mitteilungen zur judischen Volkskunde, 1906, s. 136. אינעמ XIX יה. איז אינ פּאַלעסטינע ניט געווענ קיינ איינ ייִד, וואָס זאָל שפּילנ פידל. פידל שפּילנ איז באַטראַכט געוואָרנ ווי א זינד. אײנער, אנ אײנגעוואַנדערטער פונ אייראָפּע, א פידלער א ליבהאָבער, האָט א פּאָר מאָל געשפּילט אפּ כאַסענעס (אויב בא אײנגעוואַנדערטע). אינגיכנ איז ער געשטאָרבנ, אונ אלע האָבנ געגלייבט, אַז ער איז דערפאַר געשטאָרבנ, וואָס ער האָט געשפּילט פידל. זע Zur Volkskunde palästinischer Jüden. Ein Bericht von Benjamin Wolf Schiffer. Am Urquell. B. V, s. 187—188 זע אויכ וואָלפ Fahrende Leute אינ מיטיילונגענ, 1909, ז. 55.

[2] מע דאַרפ רעכענענ, אַז אינ די גרעסערע שטעט ווי אָדעס, כאַרקאָוו, דניעפּראָפּעטראָווסק (דעמלט — יעקאַטערינאָסלאַוו), זשיטאָמיר אאַ. זײנענ געווענ ניט ווייניק אזעלכע, וואָס האָבנ שוינ אינ דער מיט פונעמ XIX יה. באַקומענ א סיסטעמאַטישע מוזיקאַלישע בילדונג. אינעמ זשורנאַל „ראַסוועט" פאַר 1860 (נומ. 21, ז. 337) באַגעגענענ מיר א נאָטיצ אונטערנ טיטל „Концерт девицы Владимировой" (א קאָנצערט פונ דער פרײלינ וולאַדימיראָווא), ווו עס ווערט מיטגעטיילט, אַז דעמ 31 יול 1860 האָט די פּנאַ-

פונ די גרעסערע שטעט טרעפנ מיר אַמאָל, אַז פאַרמעגלעכע מיידלעכ האָבנ געשפּילט פּיאַנע. קיינ מאַסנ־דערשײַנונג האָט דאָס אינ דעמלטיקנ יִדישנ שטייגער, פאַרשטייט זיכ, ניט געקאָנט ווערנ[1].

ווענ די טאַלאַנטפולע יִדישע יוגנט, וואָס האָט שוינ איינעם שטייגער אײַנגעזאַפּט אינ זיכ די טראַדיציאָנעלע יִדישע מוזיק, האָט באַקומענ די מעגלעכקײַט זיכ אָנצוזייגענענ אַלגעמיינע מוזיקאַלישע קולטור, האָט זי אַרויסגעבראַכט אַזוינע באַדײַטנדיקע מוזיקאַנטנ, ווי די ברידער רובינשטיינ, ל. אויער, יאַשע כייפעצ, י. צימבאַליסט, מישע עלמאַנ, יו. ענגעל, אל. קריינ, מ. גנעסינ, ס. מילנער, אל. וועפּריק, ל. פּולווער, י. שייגינ אא.

אינ אונדזער געבענטשטער סאָוועטישער צײַט, וואָס האָט אַזוי ברייט אונ מעכטיק צעעפנט די קוואַלנ פונ דער פאָלקס־ענערגיע אפ אַלע געביטנ פונ קולטור, האָט די דורכ דוירעס אונ יאָרהונדערטער אָנגעזאַמלטע מוזיקאַלישע קולטור פונעם יִדישנ פאָלק אַרויסגעבראַכט ווונדערלעכע פרוכטנ.

אינ 1836 יאָר איז אינ בריסעל אַרויסגעטראָטנ אפ אַנ עפנטלעכנ קאָנצערט דער קלעזמער — ווירטואָז, דער צימבלער אוטאָדידאַקט, וואָס האָט אַפילע קיינ נאָטנ ניט געקענט, מיכאָעל־יוסעפ גוזיקאָוו. מיט זײַנ ווונדערלעכער קונסט אפ זײַנ ביז גאָר פּרימיטיוונ אינסטרומענט (דעמ האָלצ־ אונ שטרוי־צימבל) האָט ער אַרויסגערופנ די גרעסטע היספּאַלעס בײַ אַזוינע מוזיקער ווי מענדעלסאָנ־באַרטאָלדי, דאַוויד אא. גאָר אינגיכנ איז ער (אינ עלטער פונ 28 יאָר) געשטאָרבנ פונ טובערקוליאָז, פונ אָט דער קרענק פונ אָרעמע.

---

ניסטנ ראַזאַליא וולאַדימיראָוואַ געגעבנ אַ קאָנצערט אינ פּאָלטאַווער אדל־פאַרזאַמלונג (дворянское собрание)-אינעמ קאָנצערט האָבנ אָנטײלגענומענ דער פידלער ד. ליבערמאַנ אונ דער פּיאַניסט ט. שפּאַקאָווסקי. די פּראָגראַמ איז באַשטאַנענ פונ ווערק פונ בעטהאָווענ, וויעטאַנ, ליסט, שאָפּענ, ווענִיאַווסקי, מאיער אונ באַכ. וולאַדימיראָוואַ אונ ליבערמאַנ זײַנענ געבוירענע פּאָלטאַווער. נאָכ אינ 1855 יאָר, ווענ וולאַדימיראָוואַ איז אַלט געווענ 12 יאָר, איז זי אַרויסגעטראָטנ אפ אַ קאָנצערט אינ פּאָלטאַווע מיט גרויס דערפאָלג. איר פאָטער איז געווענ אַנ אָבגעשטעלטער אינ אַקציז־פאַרוואַלטונג. דאָכ האָט ער זיכ אָנגעשטרענגט אונ געשיקט דאָס קינד קיינ וויינ, ווו זי האָט באַקומענ אַ סיסטעמאַטישע מוזיקאַלישע בילדונג. ליבערמאַנ, אַ זונ פונ אַ זייגערמײַסטער, האָט פונ קינדווײַז אָנ שטאַרק ליב געהאַט פידל שפּילנ. ער האָט זיכ דערשלאָגנ קיינ לײַפּציג אונ האָט דאָרט געענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע. אינ 1859 יאָר איז ער געווענ קאָנצערטמײַסטער אינ אָדעסער אָפּערע. מע דאַרפ געדענקענ, אַז צו יענער צײַט איז דאָס געווענ אַ זעלטענע דערשײַנונג אינ רוסלאַנד בִּכלל. מיסטאָמע איז אָבער דער דאָזיקער פאַקט ווײַט ניט דער איינציקער.

[1] צווישנ די פּראָפעסיאָנאַלנ קלעזמער באַגעגענענ מיר אויכ ניט קיינ פרויענ מוזיקער. אַ זעלטענע יקרע וועגנ דעמ, אַז פרויענ האָבנ זיכ באַטייליקט אינ יִדישע אָרקעסטערס (אינ אייראָפּע), באַציט זיכ צומ XV יה. (A. Wolf — Fahrende Leute, s. 92). ערשט אינ אָנהייב XX יה. האָבנ מיר אַ סאַכ פאַלנ, ווענ קלעזמער לערנענ זייערע טעכטער שפּילנ אפ פאַרשיידענע אינסטרומענטנ (דאָכ צומייסטנס פידל) אונ נעמענ זיי אַרײַנ אינ דער קאַפּעליע. אָבער אויכ נאָכ אינ אָנהייב XX יה. האָט אַזוינס געקאָנט טרעפנ אינ די יִדישע קאַפּעליעס פונ גרעסערע שטעט (באַרקאָוו אא.), אָבער ניט אינ קליינע שטעטלעכ.

אינ 1937 יאָר זײַנענ אינ דעמ זעלבנ בריסעל אָפּנ צווישנפעלקערלעכנ קאָנקורס פונ פידלערס מיטנ גרעסטנ טריומפ ארויסגעטראָטנ שוינ נימ אײנער, נאָר א גאנצע פּלעיאדע סאָוועטישע ײדישע פידלערס: ד. אויסטראכ, ב. גאָלדשטײנ, ל. הילעלס, מ. פיכטענהאָלצ, אונ דאָס איז ערשט געווענ אנ אָנהײב. אינ 1938 יאָר באגעגנט בריסעל מיטנ זעלבנ אונ עפשער גאָר מיט א גרעסערנ טריומפ עמיל הילעלסנ אונ יאקאָװ פליערנ.

אָט אזוי באקומט די רײַכע ײדישע מוזיקאלישע פאָלקס-קולטור איר עמעסדיקע, איר רײַכסטע פאנאנדערבליונג דורכ די באדינגונגענ פונ אונדזער סאָציאליסטיש באַטערלאנד.

# אינהאלט

זייט



---



צייכענונג — מ. גאָרשמאַן

# סאָוועטיש

## ליטעראַרישער אלמאנאכ

12

## שאָלעמ-אַלייכעמ-באַנד

פאַרייניקונג פונ די מאָסקווער ייִדישע סאָוועטישע
שרייבער באַמ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרייבער



מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס", מאָסקווע 1941



צייכענונג — מ. גאָרשמאנ